— שלום־עליכם! — רופט זיך אָן פלוצים א פרישער פאר־שוין, גלייך ווי פון הימעל אראָפגעפאלען. — פון וואנען פאָהרען דאָס אידען און וואוהין? און וואָס האָט איהר זיך פארקלויבען גאָר אהער, צווישען אָט די דאָזיגע?... קומט צו אונז, אין אונזער וואגאָן אריין. דאָרטען וועט איהר חאָטש זיין צווישען אונזעריגע, צווישען אייגענע...

## קאפיטעל ח.

## כתרילעווקע צווישען „אייגענע".

ווי פיש, נאָר־וואָס געחאפטע אין דער נעץ און אריינגעלאָזטע צוריק אין טייך אריין, — אזוי האָבען זיך געפיהלט אונזערע כתרי־לעווקער דעלעגאטען, אז זיי האָבען זיך איבערגעפעקעלט אינ'ם אנ־דערען וואגאָן, צווישען „אייגענע", צווישען אידען. מע קאָן נישט זאָגען, אז דאָרט זאָל געוועזען זיין א סך ריינער און א סך גראָמער, ווי אינ'ם ערשטען וואגאָן. עס קאָן זיין, אז דאָ, אויפ'ן נייעם אָרט, איז זיי געוועזען נאָך ערגער, וואָרום דאָרטען, אינ'ם פריהעריגען וואגאָן, איז דער עולם חאָטש געזעסען א סך אויף דער ערד, נישט געהאט קיין איבעריגע פעקלעך. א טאָרבע מיט א פאָר שטיוועל — און איין עק. און דאָ, אויף דעם נייעם אָרט, צווישען אידען, איז געוועזען דער טומעל א סך גרעסער, די ענגשאפט א סך ערגער, און איבער די פעקלעך איז נישט געוועזען, וואו זיך א קעהר צו טהון.

דאָס איז ידוע, אז יעדער איד האָט מיט זיך אונטערוועגס נישט ווינציגער ווי צוויי־דריי פעקלעך, און ווייבער האָבען, אחוץ די פעקלעך, אויך קישענס מיט קאָלדרעס מיט שמאטעס. פון דער וועלט שמאטעס. אין וועג זעהען דעריבער אידען אויס נישט נאָר ווי רייזענדע אליין, נאָר ווי וואנדערער, ווי עמיגראנטען, וואָס פאָהרען־אריבער ערגיץ זעהר אין א ווייטע מדינה, דאָרט וואו ס'איז נישט צו קריגען פאר קיין געלד נישט קיין קישענס, נישט קיין קאָלדרעס, נישט קיין שמאטעס... און זיי פיהלען זיך דערפאר

אומעטום, ווי ביי זיך אין דער היים. אידען, וואוהין זיי זאָלען נישט פאָהרען, פיהרען זיי, ברוך־השם, מיט זיך זייער היים, זייער „געטאָ“ מיט זייער גלות, און דערפאַר, אפּנים, האבען זיי אומעטום און אַלע מאָל טאַקי איין פּנים, בייטען זיך אזוי גיך נישט איבער און פיהלען זיך גוט נאָר דעמאָלט, ווען זיי זענען אלע אינ־איינעם. און די וועלט טהוט זיי צוליעב: איהר ווילט אינ־איינעם — זייט אייך אינאיינעם...

אריינגעטראָטען אינ'ם נייעם וואגאָן און ־דערזעהען, אז מען איז אין דער היים, צווישען „אייגענע“, האָבען זיך אונזערע אויס־דערוועהלטע צעלעגט, ווי ביי'ם טאַטען אין וויינגאַרטען, אוועק־געלעגט זייערע פעקלעך אויף יענעמ'ס פעקלעך, זיך געזעצט גאַנץ נאָהענט איינס נעבען דאָס אנדערע, געבעטען יענעם זיך א ביסעלע א רוק טהון, און קוים אריינגעחאַפּט זיך, מאַכט שוין נישט אויס, מעג מען שוין יענעם א ביסעל צוקוועטשען, און פאר וואָס טאַקי נישט איננאַנצען ארויסקוועטשען?... מען איז דאָך צווישען „איי־גענע“, צווישען אידען!...

און האָט קיין יסורים נישט: מע וועט זיך, חלילה, נישט קריגען, נישט זידלען איבער אזעלכע נארישקייטען. ווערטלעך זאָגען, געבען יענעם אָנצוהערעניש — דאָס מהכתיתי. צום ביי־שפּיעל: אז איינער טרעט־אָן דעם אנדערען רעכט אויפ'ן פוס, טהוט יענער א שפּרונג־אונטער און א זאָג כלומרשט אזוי, פערביי־געהענדיג:

— אוי האָט איהר, קיין עין־הרע, א הארטען טראָט, פעטער!

אָדער אז איינער שטעלט־אוועק זיין טשעמאָדאן כמעט גלייך אויף יענעמ'ס פּלייצע, מאַכט יענער חוזק נישט איבער איהם, נאָר איבער'ן טשעמאָדאָן, און טהוט זיך א זאָג אונטער דער נאָז:

— הערט איהר? אייער טשעמאָדאן האָט, אפּנים, קיינמאָל נישט געקרענקט.

אָדער אז איינער פערשטעלט דעם אנדערען די שיין, טהוט ער איהם א זאָג:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען? איך האָב מורא, אז איהר זענט נישט קיין גלעזערנער...

און אַז סע מאַכט זיך אפילו אמאָל, אז צוויי אידען צעאַמפּערען זיך שוין גאָר איבער איין אָרט אין וואַגאָן, הויבען זיי אָן שיטען איינס אויפ'ס אַנדערע מיט ליצנות און שטעכווערטלעך:

— זייט־זשע מוחל, פעטער, דאָס איז מיין אָרט.

— טאַקי באמת? מיט וואָס איז דאָס אייער אָרט, למשל?

— ווייל דאָ בין איך געזעסען.

— וואָס־זשע, איהר האָט דאָ שבת געהאַלטען? צי עס שטעהט אויפגעשריבען אויף דעם אָרט: „זה המקום שייך"?...

און דער זיצענדיגער פּאַרשוין פּוילט זיך נישט, הויבט זיך אויף און זוכט אויפ'ן אָרט די אויפשריפט: „זה המקום שייך". ווערד צווישען עולם אַ געלעכטער, פערדריסט דאָס דעם שטעהענדיגען פּאַרשוין און ער רופט זיך אָן צום זיצענדיגען:

— איהר זענט, דאַכט מיר, שוין אַ ביסעל צו דאָסיג.

— צו וואָסיג? — פרעגט איהם דער זיצענדיגער, און דאָס געלעכטער צווישען עולם וואַכסט. אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז מע גיט זיך איין עצה: מע ענגט זיך אַ ביסעל, מע רוקט זיך צענויף און מע מאַכט איין אָרט פאַר'ן שטעהענדיגען. ממה־נפשך, עס זיצען, קיין עין־הרע, אזוי פיעל אידען, וועט זיצען נאָך איינער... און די דאָזיגע צוויי, וואָס האָבען זיך נאָר־וואָס געווערטעלט, בלאָזען זיך נאָך אַ קליינע ווײַלע, נאָכדעם נעמט מען זיך צו די זייגערס: וואו האַלט ביי אייך דער זייגער? אָדער מע קוקט אין פענסטער ביידע: ווייסט איהר נישט, ווי אזוי הייסט די סטאַנציע? און מע מאַכט אַ שמועס פון סטאַנציעס און פון באַהנען און פון גע־שעפט — און עס געהט אַוועק, ווי אַ מזמור. דער פרישער פּאַר־שוין, וואָס קומט־אַריין און טרעפט די צוויי, מיינט ער, אז דאָס זענען אָדער צוויי שותפים, אָדער קרובים, אָדער מחותנים, אָדער אזוי גוטע פריינד פון איין שטאָדט...

לאָזען חכמים זיך וויצלען, וויפיעל זיי ווילען. לאָזען זיי צו־טראַכטען אַזעלכע שפּריכווערטלעך, ווי, למשל: „זיצען זאָל מען צווישען גויים, ליגען — צווישען אידען", „מיט אידען איז גוט נאָר קוגעל עסען", וכדומה. איך געה מיר מיט מיין גאַנג, אַז אידען, און נאָך כתרילעווקער דערצו, פּיהלען זיך צווישען איינענע אַ סך בעסער און אַ סך היימישער, ווי צווישען פרעמדע.

## קאַפּיטעל ט.

## „אַ איד וואָס קאַטאָרי".

דער מענש, וואָס איז ווי אַראָפּגעפאַלען פונ'ם הימעל און האָט אַריבערגעפּעקעלט אונזערע רעלעגאַטען אַהער פון יענעם וואָ־גאָן, איז געווען איינער פון יענע זעלטענע פּאַרשוינען, וואָס מע קאָן זיי זעהען נאָר אונטערוועגענס. אַז איהר בעגעגענט זיך מיט זיי, ווערד איהר באַלד חבר, אויסגעבונדען, גלייך ווי איהר זענט שוין מיט זיי בעקענט פון כמה וכמה יאָהרען. ווער ער איז — ווייסט איהר נישט. וואָס ער איז — ווייסט איהר אויך נישט. עס איז רעכט צו זאָגען, אַז ער איז אַ איד, אַ קרעמער, און עס איז רעכט צו זאָגען, אַז ער איז אַ מעקלער פון דער בערזע. נאָר גיכער פון אַלץ איז ער גאָר אַ שניידער, אַ חשוב ביי גאַטשאַלסטווע און דרעהט זיך ביי „פּראַוואָזשיטעלסטווע"...

אליין איז ער אַ מענש פון מיטעלמעסיגען וואוכס און מיטעל־מעסיגען שטאַנד, אַ שוואַרצער מיט אַ גלאַנץ פון אַרמענישען טיפּ, מיט אַ קליין בערדעל, מיט קליינע שוואַרצע אומרוהיגע אויגען, מיט'ן קאַפּעלישעל אַהינטער — אַ ריהרעווודיגער, אַ לעבעדיגער פּאַרשוין, וואָס קאָן נישט זיצען אויף איין אָרט, מוז עפּיס טהון, ערגיץ געהן, מיט עמיצען רעדען. און איבערהויפּט — רעדען. רעדען — דאָס איז זיין וועלט. געפינט זיך אין וואַגאָן אַ איד — איז אודאי גוט. אלא נישט — איז אַ גוי, אַ סאָלדאַט, אַ פּריצה, אַ גלח. פאַר נויט איז גוט אַ קאָנדוקטאָר, איין אוייוועגהייצער,

א רעדער־שמירער, א שוואַרציאָהר, אַבי אינ'ם ג'ּעשטאַלט פון א מענשען. און א כח האָט ער: ווער ס'זאָל נישט זיין — מוז ביי איהם ווערען רעדעוודיג. סיידען א געבוירענער א שטומער. מחמת ער ווייסט, פערשטעהט איהר מיך, פון וואָס און ווי אַזוי מיט ווּעמען אָנהויבען צו רעדען. און רעדען וועט ער מיט אייך פון וואָס איהר ווילט, כמעט קאָן מען זאָגען, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל ניט ווּיסען, און נישטאָ אַזאַ מענש אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל איהם נישט קענען. מיט אַזעלכע איז א פערגעניגען צו זיצען אין איין וואגאָן. דערצו איז ער גלאַט א גוטער מענש. איין אָפענהערציגער און זעהר א צו־געלאָזטער. ער מעג אייך זעהען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, איז ער גרייט צוליעב אייך פון דעסטוועגען געהן, וואוהין איהר ווילט: אפשר ווילט איהר צו דער קאַסע נאָך א בילעט? אָדער העלפען אייך צענויפפאַקען די זאַכען? — מיט'ן גרעסטען כבוד! ער וועט אריינקוקען דערווייל צו אייך אין פעקעל אריין, אָפּשאַצען, וואָס איז ווערטה אייער טשעמאָדאַנדעל, אָדער אייער פעלץ, אָדער אייער זייגער, אויסרעכענען אייך פינקטליך, אין וואָסער שעה און וויפיעל מינוט איהר דאַרפט קומען אהיים, און וואָס וועט אייך קאָסטען דער באַגאַזש, און געבען אייך איין עצה, ווי אַזוי, אויף וואָסער וועג, איהר זאָלט פאָהרען, און וואו איהר זאָלט זיך אָפּשטעל־לען. בשעת־מעשה וועט ער אייך האַלטען ביי א קנעפעל, אָדער בויערען אייך מיט'ן פינגער א לעכעל, און דאָס קאַפעלישעל האַלט שוין ביי איהם ווייט, און די בעקלעך פלאַמען, און די אויגען ברענען, גלייך ווי ער טהוט זעהר א נויטיגע זאַך. מיט איין וואָרט — דאָס איז געווען אַזא מין פּאַרשוין, וואָס ביי אונז רופט מען איהם:

„א א י ד ו ו אָ ס ק אַ ט אָ ר י".

פאַר אונזערע כתרילעווקער פּאַסאַזשירען איז דער דאָזיגער „איד וואָס קאַטאָרי" געווען, קאָן מען זאָגען, א אַזיס אין דער מדבר, א נעזונד אין בויך, א זאַלץ אין די ביינער. א קליינינ־קייט — זייער מיסיאָן, וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען! דאָס

ערשטע מאָל אין אַ פרעמדען אָרט, אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, וואָס זייער באָבע׳ס באָבע איז דאָרט קיינמאָל נישט געוועזן אין חלום אפילו! מע ווייסט נישט, וואו אַ טהיר עפענט זיך, און מע פאַהרט מכח אַזאַ ענין, אַזאַ הייליגע זאַך!...

אויך דער פּאַרשוין האָט זיך מחיה געווען מיט זיי, ממש דער־קוויקט זיך. געוואָהר געוואָרען, וואוהין, צו וועמען און צוליעב וואָס זיי פאָהרען, האָט ער זיי בעשאָטען מיט עצות, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך נוהג זיין פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי וועלען אָנ־קומען אויפ׳ן וואָקזאַל, ביז זיי וועלען זיך צושלאָגען צום פּונקט, וואָס זיי בעדאַרפען. און די כתרילעווקער אויסדערוועהלטע האָבען איהם געקוקט אין מויל אריין, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געשלונגען איטליכס וואָרט זיינס.

— איהר פאָהרט, מיינע ליעבע אידען, — האָט ער איינגע־טענה׳ט מיט זיי געטריי, ווי אַ פאָטער, געשמייכעלט און געגלעט זיך דאָס בערדעל, — איהר פאָהרט, מיינע ליעבע אידען, וועגען זעהר אַ וויכטיגען עסק. מע קאָן זאָגען, אַ הייליגע זאַך, הלואי איהר זאָלט נאָר מצליח זיין, און איהר וועט, אם ירצה השם, געוויס מצליח זיין. איך בין זיכער, אַזוי ווי מיר האָבען היינט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט. דער עיקר, איהר זאָלט ווּיסען, וואו איין און וואו אויס. די שטאָדט איז אַ גרויסע און אַ צעוואָרפענע. אַ גויישע שטאָדט, פאַרשטעהט איהר מיך. נאָר אידען זענען, קיין עין־הרע, פאַרהאַן, און דוקא רייכע אידען. דאָס הייסט, ס׳איז פאַרהאַן קבצנים אויך גענוג, אפשר מעהר קבצנים ווי נגידים. נאָר צו די קבצנים דאַרפט איהר דאָך נישט האָבען. קבצנים, זאָגט איהר, האָט איהר אַליין. עצתי, אַז געהן זאָלט איהר נאָר צו די גרויסע, צו די סאַמע גדולים. וועֶר זענען ביי אונז די סאַמע גדולים — ווילט איהר וויסען? נעמט, זייט מוחל, אַ שטיקעל פּאַ־פּיער מיט אַ בלייפעדער און פאַרשרייבט, וועל איך אייך זאָגען אַקוראַט מיט די אַדרייסים און מיט׳ן יחוס פון איטליכען באַזונדער. איך קען זיי, פאַרשטעהט איהר מיך, אויסגעבונדען. גדולים זענען

זיי אַלע, און וואָלטען וועלען אריבערשטייגען, אריבערשפּרינגען, איינשלינגען איינס דאָס אַנדערע מיט די ביינער, זיי זאָלען נאָר קאָ־נען. און אַלע רייסען זיי זיך אַרויף, אַרויף, טאַנצען נאָך גאָר דעם גרויסען, דעם אמת׳ען גדול, דעם ל י י ב צווישען די חיות... איך זעה נאָך אייערע פּנים׳ער, אַז איהר ווייסט שוין, וועמען איך מיין... אַזוי איז טאַקי דער נאָמען זיינער. און כשמו כן הוא... ער איז טאַקי אַ לייב. אַ קעניג איז ער, אַ גביר, אַ גרויסער גביר, איין אדיר, אַ מיליאָנער. איהר ווילט וויסען, וויפיעל ער פאַרמאָגט? פרעגט גאָר נישט. וויפיעל איהר זאָלט אייך נישט פאָרשטעלען — פאַרמאָגט ער צוויי מאָל, דריי מאָל, צעהן מאָל אַזוי פיעל. ס׳איז רעכט צו זאָגען — פופציג מיליאָן, און ס׳איז רעכט צו זאָגען — זיעבעציג. און אַז איהר וועט מיך שטאַרק בעטען, איז אפשר טאַקי אַלע הונדערט. אהין דאַרפט איהר זיך דערשלאָגען שוין צום סוף, אַז איהר וועט פאַרטיג ווערען מיט אַלע איבעריגע גדולים. ווייל איהר ווילט דאָך מסתמא אַ גראָבס, אַ מנה יפה. און וויבאַלד אַ מנה יפה, איז נאָר ביי איהם. וואָרום וועט איהר איהם טרעפען אין דער גוטער מינוט — איז נישט שייך צו זאָגען. ביי איהם געבען אַ נדבה אַ טויזענד, און פופציג טויזענד, און הונדערט טויזענד — איז טפו! אָדער שאַ! ווייסט איהר גאָר וואָס? איך וועל אייך געבען אַ בעסערע עצה.

דאָ האָט זיך דער „איד וואָס קאַטאָרי” פערטיעפט אין מחשבות, נאָכדעם האָט ער זיך אָנגענומען ביי׳ם בערדעל און אָנ־געראָפען זיך, ווי אַ מענש, וואָס איז געפאַלען אויף זעהר אַ גליק־ליכע אידעע:

— הערט־זשע אוים, מיינע ליעבע אידען, וואָס א י ך וועל אייך זאָגען. ביי אייך איז, זאָגט איהר, אָפּגעברענט געוואָרען דאָס גאַנצע שטעדטעל? דאַרפט איהר דאָך געהילף אויף בויען הייזער? האָט ער אַ וואַלד, טאַקי נישט ווייט פון אייערע מקומות, אָבער אַ וואַלד, ווי זאָגט איהר, מיט בוימער! וואָס פאַר אַ ווערדע

האָט ביי אזא מיליאָנער איינטונקען די פּען און אוועקשרייבען אַ קוויטעל אין וואלד אריין: „אבקש ליתן על חשבוני״?

און דער „איד וואָס קאַטאָרי״ טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד אין דער לופטען, ווי דער גביר מיט דער פּען, און אונזערע כתרילעווקער אויסדערוועהלטע געבען זיך ביי די ווערטער אַ הויב־אויף, און טרערען האָבען זיך אזש געשטעלט ביי זיי אין די אויגען. נאָר דאָ האָט זיי דער „איד וואָס קאַטאָרי״ אַ ביסעל אָראָפּגעוואָרפען. ער האָט, אַפּנים, פערשטאַנען, אַז ער האָט זיי אריינגעגעבען אַ ביסעל צופיעל האָפענונג, האָט ער זיך אַ גלעט געגעבען דאָס בער־דעל און אַ זאָג געטהאָן צו זיי:

— איך דאַרף אייך אָבער זאָגען, מיינע ליעבע אידען, נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע: עס ווענדט זיך אָן דעם, אין וואָס פאַר אַ מינוט איהר וועט איהם טרעפען... טאָמער, חלילה, טרעפט איהר איהם אויף דער לינקער זייט, בין איך אייך נישט מקנא. ער איז אַ מענטש, וואָס אַלע קוקען איהם אין מויל אריין, פאַרשטעהט איהר מיך, און איז אַזוי גרויס, אַזוי תקיף, ווי זאָגט איהר: „מה יעשה הבן״... אודאי ווען איהר זאָלט זיין נישט קיין אידען — עהע־הע!

די כתרילעווקער אויסדערוועהלטע זענען ביי די ווערטער גאָר מבולבל געוואָרען. זיי האָבען נישט פערשטאַנען, וואָס מיינט דערמיט אָט דער מענש: וואָס הייסט — ווען זיי זאָלען נישט זיין קיין אידען? וואָס דען זאָלען זיי זיין — אנדרוגוניסען?... דער „איד וואָס קאַטאָרי״ האָט, אַפּנים, געזעהען, אַז זיי פערשטעהען איהם נישט, האָט ער גענומען זיי מסביר זיין:

— פאַרשטעהט איהר מיך, מיינע ליעבע אידען, דער מענטש איז זעהר גרויס, זעהר תקיף און שטאַרק אָנגענומען צווישען כריס־טען. „גענערעלער״ קומען צו איהם אין שטוב אריין, זיצען מיט איהם אָט אַזוי־אָ, ווי איך מיט אייך... נו, פאַרשטעהט זיך, אַז וויבאַלד כריסטען זענען מיט אַ אידען אָט אַזוי־אָ, וועט זיך אַ איד פאַר זיי מפקיר זיין...

מע קאָן נישט זאָגען, אז דער דאָזיגער פּירוש איז געווען פאַר אונזערע כתרילעווקער לייט איננאַנצען פערשטענדליך. זיי האָבען נישט אויפגעהערט צו האַלטען אָפּען מויל און אויהערען, און יענער האָט נישט אויפגעהערט צו גלעטען זיך דאָס בערדעל און לויבען אין טאָג אַריין די סאַמע גדולים, אויסגערעכענט זיי אַ גאַנץ צעטעל פון „גרויסע גדולים" און פון „קליינע גדולים׳לעך", און אַלע מיט די נעמען און מיט די גאַסען און מיט די נומערען פון די הייזער, זיך אָפּגעשטעלט אַלע מינוט כמעט ביי יעדען איינציגען גדול מיט אַ קורצער נאָר אַ שאַרפער כאַראַקטעריסטיק, וואָס פון דעם אַליין וואָלט געקאָנט זיין אַ בעזונדער בוך, ווען דאָס זאָל זיין ביי אונז דער עיקר. נאָר אַזוי ווי דער עיקר איז דאָך די מעשה מיט די כתרילעווקער נשרפים, לאָזען מיר עס דורך פערביי און קעהרען זיך אום צוריק צו אונזערע כתרילעווקער דעלעגאַטען אין דער גרויסער נישט־אידישער שטאָדט, וואו מיר האָבען זיי איבערגע־לאָזט סאַמע אין רעכטען אָנהויב פון זייער הייליגער אַרבייט.

## קאַפּיטעל י.

## אין עולם התוהו.

דער עולם־התוהו, ווי עס ווערד בעשריבען ביי אונז אין די הייליגע ספרים, — דאָס איז געווען די גרויסע שטאָדט מיט איהרע „גדולים" פאַר אונזערע אויסדערוועהלטע פון כתרילעווקע. די גאַנצע קונץ פונ׳ם עולם־התוהו בעשטעהט אין דעם, וואָס דעם מענשען׳ס נשמה בלאָנזעט אַרום אויף דער וועלט, איז אויסען אין אַלע ווינקעלעך, זעהט און הערט און פּיהלט אַלסדינג, נאָר דער גוף איז דערביי נישט אויסען. צי מחמת גרויס אויפרעגונג פון די מעשיות, וואָס זיי האָבען זיך אָנגעהערט אין וואגאָן פונ׳ם „אידען וואָס קאַטאָרי", אָדער אפשר ווייל זיי זענען דאָס ערשטע מאָל אַרויס אויף דער גרויסער פרייער וועלט — דאָס איז זיכער, אַז זיי זענען נישט געווען בהאי עלמא. דאָס הייסט, די נשמה

האָט זיך ביי זיי אָרומגעבאָמבעלט דאָ, צווישען די „גדולים", נאָר דער גוף איז געווען ערגיץ ווייס איך וואו, ווייט פון דאנען.

פון דער ערשטער מינוט איז זיי געגאנגען נישט כשורה, יעדענ־פאלס — נישט אזוי, ווי זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט. געגאנגען זענען זיי דוקא מיט א סדר, מיט א סיסטעם, לויט ווי יענער פאר־שוין מיט די ברענענדיגע אויגלעך האָט זיי געלעהרענט און לויט די גומערען פון די הייזער מיט די נעמען פון די גאסען, וואָס יענער האָט אויפגעגעבען. פריהער האָבען זיי אָנגעקלונגען צו די „קלענערע גדולים", דערנאָך צו די „גרעסערע גדולים", און גע־שטיגען וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער. מע קאָן נישט זאָגען, אז זיי האָבען נישט מצליח געווען. נדבות זענען דוקא איינגעגאנגען, אָדער, ווי זיי האָבען זיך נאָכדעם בעריהמט פאר זייערע כתרילעווקער: „א רעגען פון נדבות האָט געגאָסען אויף זייערע קעפּ". אויב עס האָט באמת גע אָסען א רעגען פון נדבות — דאָס ווייסען מיר נישט. איינס איז זיכער, אז ביי זיי אין דער היים זענען זיי צו אזעלכע נתינות געוויס נישט געוועהנט געוואָרען, און אזעלכע מטבעות, ווי מע האָט זיי דאָ דערלאנגט, האָבען זיי געזעהען דאָרטען סיידען אין חלום, איז דאָס — נישט אַלע מאָל... נישט מעהר, וואָס האָט זיי געקוועטשט ? זיי האָט געקוועטשט נאָר איין זאַך : עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי זענען נישט צווישען אייגענע... ווי ווילד־פרעמדע, ווי גאנץ ווייטע האָט מען זיי אויפגענומען, אָפּגעגעבען זייערס און — האָט קיין פאראיבעל נישט.

אנדערע האָבען אפילו נישט געוואָלט אָנקוקען זייערע פּנימ'ער, ארויסגעשיקט זיי זייער נדבה נאָך איידער זיי האָבען אריבערגע־טראָטען די שוועל. אנדערע זענען נאָך געווען בייז אויך, נישט געלאָזט זיך אויסרעדען איין איבעריג וואָרט : „אָפּגעברענט גע־וואָרען ? געהערט אזעלכע זאכען, איהר זענט נישט די איינציגע"...

עס זענען געווען אויך אזעלכע, וואָס האָבען אָנגעשריגען אויף זיי, אָנגערופען זיי מיט עפּיס זעהר מיאוסע נעמען : „פּלעבטלעך",

„פאָנאַרעלצים", „שנאָרערס"... איינער א יונגערמאַן מיט א בלאַס פּנים, מיט אַ שפּיצעכיגער נאָז און מיט צוויי קליינע בערדלעך, צעקעמט רעכטס און לינקס, האָט זיך נעהייסען ווייזען א בוך.

— וואָסער בוך?

— דאָס בוך, וואו עס ווערען ביי אייך פאַרשריבען די נדבות.

דאָ האָט זיך שוין אַרויסגעשטעלט דער זקן, רב יוזיפעל דער רב:

— די נדבות, וואָס ווערען געגעבען אויף אונזערע נשרפים, ווערען פאַרשריבען מיט אַזאַ כתב און מיט אַזאַ לשון, וואָס נישט איהר און נישט מיר וועלען דאָס קאָנען לייענען אפילו...

רב יוזיפעל האָט איצטיגס מאָל גערעדט פערשטעלט, אפילו מיט א בנעימות'דיג שמייכעלע, ווי אַלע מאָל, נאָר אין קול האָט זיך געלאָזט הערען אַ פערדראָס. רב יוזיפעל דעם רב איז נישט געגאַנגען אין דעם, וואָס מען איז זיי חושד בכשרים. ניין. איהם האָט געאַהרט די קאַלטקייט, וואָס האָט זיי בעגעגענט אומעטום, אין יעדער אידישער שטוב פון די דאָזיגע „גדולים". רב יוזיפעל איז געוועהנט געוואָרען ביי זיך אין כתרילעווקע, אַז אַ איד גיט אַ נדבה, עס מעג זיך זיין נאָר אַ פּרוטה, לאָז זיין אפילו אַ האַלבע פּרוטה, גיט ער זי מיט'ן גאַנצען האַרצען. וואָרום אחוץ, וואָס ער איז מחיה איין אָרעמאַן, אחוץ וואָס ער העלפט אַ נויטבעדערפ־טיגען, טהוט ער אַ גוטע זאַך און פ ע ר ד י ע נ ט אַ מ צ ו ה... רב יוזיפעל דעם רב האָט נעוואונדערט, וואָס צווישען די אַלע גדולים האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיי אָפּגעבען אַ אידישען, אַ פשוט'ען, אַ היימישען שלום־עליכם. קיין איינער האָט זיך נישט געפונען, וואָס זאָל זיך נאָכפרעגען אויף כתרילעווקע, וואָס זאָל חאָטש וועלען אויסהערען זייער אומגליק, זייער האַרץ, און האָבען זיי זיך נאָר געפּרובט אָנהויבען רעדען, אויסרעדען זיך, דערצעהלען וועגען דעם גרויסען חורבן, וואָס זיי האָבען איבערגע־לעבט, אַזוי האָט מען געעפענט דאָס בייטעלע, ווי איינער רעדט: „נאָט אייך און געהט אייך געזונטערהייד"...

געוועהנט געוואָרען פון תמיד צו פערענטפערען יעדען אייג־ציגען, האָט רב יוזיפעל געזוכט צו געפינען א זכות אויך אויף די דאָזיגע „גדולים“.

— מענטשען געפינען זיך אין אזא עולם־התוהו! — האָט ער זיך געטראַכט און געגאַנגען מיט פעסטע טריט, גאָרנישט נאָך זיינע יאָהרען, אלץ ווייטער און ווייטער.

עס איז געווען שוין נישט פריה, ווען אונזערע דעלעגירטע פון כתרילעווקע זענען צוגעטרעטען צום סאַמע גרעסטען גדול, צום „לייב צווישען די חיות“, ווי יענער מענש אין וואַגאָן האָט איהם אָנגערופען. און דאָ האָבען זיי זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס יענער מענש האָט זיי געגעבען אָנצוהערעניש אויף דעם „גדול“, אז ווען זיי זאָלען זיין נישט קיין אי־דען — עהע־הע!...

דער דאָזיגער „עהע־הע“ מיט דער קיהלקייט, וואָס זיי האָט בענעגענט אומעטום, אין יעדען הויז, האָט זיי געבראַכט דערצו, אז זיי זאָלען ביסלעכווייז פערלירען זייער קוראַזש און מורא האָבען אָנצוקלינגען ביי אזא גדול, וואָס רעכענט זיך פאַר „א לייב צווישען די חיות“... א היבשע ווײַלע איז מען געשטאַנען ביי דער טהיר און נערונגען זיך, צי מע זאָל טאַקי אָנקלינגען פשוט, ווי מע האָט אָנגעקלונגען אומעטום, צי אפשר?...

— אפשר וואָס?

— גאָרנישט.

— וואָס זשע זאָגט איהר „אפשר“?

— ווער זאָגט דען „אפשר“?

— אז איהר זאָגט נישט „אפשר“, פאַר וואָס זאָלט איהר נישט אָנקלינגען?

— וואו שטעהט עס, אז איך? פאַר וואָס נישט איהר?

— הויבט זיך אָן א מעשה מיט א אידען!

— שא, שא, קינדערלעך, לאָז זיין שטיל! — רופט זיך אָן רב יוזיפעל און טהוט א ציה דאָס גלעקעל פון דער טהיר, קוים־קוים, אויף וויפיעל עס ערלויבען איהם זיינע אכציג יאָהר.

קאפיטעל יא.

## אין די הויכע פענסטער.

שטעהענדיג הינטען ביי דער טהיר ביי׳ם סאמע גרעסטען פון די „גדולים״, ביי׳ם סאמע „לייב פון די חיות״, האָבען אונזערע בתרילעווקער דעלעגאטען געהאט א געלעגענהייט א ביסעל צו פער־נעמען זיך מיט חקירה וועגען די הויכע פענסטער: וואָס טהוט זיך דאָרטען? אשטייגער, וואָס טהוען די „גדולים״ ביי זיך אין די אפארטאמענטען אין דער צייט, ווען הינטען ביי דער טהיר שטעהען און ווארטען „קליינע מענשעלעך״ מיט זייערע קליינע עסקים, געשעפטען, בקשות, פלאנען און חלומות? אפשר זיצען זיי דאָרטען בעת־מעשה איבער זייערע גרויסע געשעפט־ביכער, ברעכען זיך די מחות און זענען אזוי פערטיעפט, אז זיי ווייסען גאָרנישט, וואָס אונטען טהוט זיך?... און אפשר זיצען זיי און קלערען, וואָס זאָלען זיי אויפטהון, מתקן זיין אויף דער וועלט מיט דעם כח פונ׳ם גאָלד, וואָס דער אויבערשטער האָט זיי בענליקט צוליעב דער טובה פון זייער פאָלק, אָדער פון דער גאנצער מענש־הייט? און אפשר זיצען זיי גלאט אזוי צענויפגעלעגט די הענד, טהוען זיך אָן כל תענוגי העולם הזה, עסען און טרינקען און שלאָפען, ווי גאנץ געוועהנליכע מענשען?

צייט אויף צו חקירה׳ן האָבען אונזערע דעלעגאטען געהאט גענוג: אויף דעם שוואכען קלונג פונ׳ם אלטען רב יוזיפעל האָט מען זיך נישט געהאפט זיי צו עפענען. זיי האָבען געהאט צייט אויך אויף צו דורכשמועסען זיך וועגען דעם, ווי אזוי מע זאָל זיך פאָרשטעלען פאר׳ן „גדול שבגדולים״ און ווער עס זאָל מיט איהם רעדען. זעלבסטפערשטענדליך, אז רעדען דארף מיט איהם דער

רב. ווער דען? די פראגע איז נאר פון וואס ער זאל אנהויבען? ווארום לויט ווי דער פארשוין אין וואגאן האט זיי אנגעשראקען, דארף מען וויסען, ווי מיט איהם צו האנדלען און וואס איהם צו זאגען. נישט אומזיסט שטעהט ביי אונז געשריבען: „החיים והמות ביד הלשון“ — דער פשט איז: אז מיט אייןווארט קאן מען אמאל קאלי מאכען אזוי פיעל, וואס איהר וועט דערנאך נישט פעררירכטען מיט קיין צעהן טויזענד ווערטער.

און די דעות האבען זיך דא ביי זיי צעטיילט אויף צוויי כתות, צוויי לאגערען: רעכטע און לינקע. די רעכטע, די על־טערע פון די אויסדערוועהלטע, זענען געגאנגען מיט דעם רעכ־טען וועג. זיי האבען געדרונגען, אז מע קומט צו אזא גרויסען נגיד, דארף מען קומען מיט תחנונים, אויסמאהלען דעם חורבן פון כתרילעווקע מיט אלע פישטשעווקעס: „אט ערשט נישט לאנג געוועזען א שטאדט, ווי אלע שטעדט. האט זיך אויפגעהויבען אין מיטען דער נאכט א שטורם־ווינט מיט א פייער פון גאט, און עס איז אוועק מיט'ן רויך די גאנצע שטאדט, אפגעמעקט געווארען כתרילעווקע פון דעם פנים פון דער ערד“... דערביי דארף מען נישט זשאלעווען קיין טרויעריגע פארבען, ווי אזוי נאקעטע, באר־וויסע, הונגעריגע ליגען אונטער גאט'ס הימעל און בעטען ברויט, לאזען א כרער, און פאר וואס טאקי נישט געבען קיין רעכטען וויין, ווי עס געהער צו זיין?... און די לינקע, יונגעלייט גע־וויינטליך, האבען גע'טענה'ט פערקעהרט: וואס פאר א וויינען פלוצים אין מיטען דרינען? וואס זענען מיר, ווייבער? צי איהר מיינט, אז די נגידים זענען זשעדנע טרערען? זיי דארף מען נעמען מיט יושר, מיט גערעכטיגקייט. היתכן, — דארף מען זיי פרעגען — אז אין דער צייט, וואס דא וואלגערט זיך גאלד אין די גאסען און מענשען טהוען נישט אריין קיין האנד אין קאלט וואסער, געהט מען דארטען אויס פאר א לעפעל געקעכטס — לעבעדיגע נפשות, אייגענע ברידער, בלוט און פלייש?!“... „אי־אי! אי־אי! — האבען זיך די רעכטע אנגע־

חאפּט ביי׳ם קאָפּ. — זיי ווילען אונז איבערקוילען דעם האלז אָהן א מעסער! אלה תולדות יונגעלייט!"...

א גליק, וואָס רב יוזיפעל איז געווען דערביי, האָט ער זיי גיך איינגעשטילט מיט ווייכע רעד, ווי זיין שטייגער איז.

— קינדערלעך, — האָט ער צו זיי געזאָגט, — אומזיסט אייער קריעגען זיך, וואָס איהר קריעגט זיך. וואָס קאָן א מענטש, א בשר־ודם משטיינס געזאָגט, וויסען, וואָס ער וועט זאָגען? און אז בלעם הרשע איז שוין געווען אונטערגעקויפט און גאָר פּאַרטיג אויף צו שעלטען די אידען — נו, האָט ער זיך דען געריכט, אז דער וואָס לעבט אייביג וועט איהם איבערדרעהען די ווערטער מיט׳ן קאָפּ אראָפּ? מיר ווען, אם ירצה השם, איהם נעמען נישט מיט תחנונים און נישט מיט סטירדעס, נאָר מיט א משל. אז גאָט וועט הייסען, וועל איך איהם דערצעהלען א משל מיט א מלך, וואָס האָט זיך צעבייזערט אויף זיינע אייגענע קנעכט און האָט פּאַרברענט זיין אייגענעם פּאַלאַץ...

א שאָד. אזא שענער משל — און איז געבליבען אין מיטען, איבער א סיבה, וואָס נישט רב יוזיפעל און נישט די איבעריגע אויסדערוועהלטע זענען געווען אין דעם שולדיג. שולדיג איז געווען אין דעם גאָר א זייטיגער פּאַרשוין. דאָס איז געווען דער אָנגעוואָפּענטער נפש, וואָס איז דערמאָנט ביי אונז אין אָנהויב בעשרייבונג. א סברה, אז דער דאָזיגער יון, וואָס איז געשטעלט געוואָרען אכטונג צו געבען אויף דער גאַס, האָט די גאַנצע צייט געהאלטען אונזערע כתרילעווקער לייט אויפ׳ן אויג. איהם איז די גאַנצע קאָמפּאַניע נישט געפעלען געוואָרען מיט זייער געהן פון שטוב צו שטוב, מיט זייער פּעררייסען די קעפּ און קוקען אויף די נומערען פון די הייזער און מיט זייער אלע מאָל אָפּשטעלען זיך איבערשמועסען זיך אויף א קול אלע אינאיינעם, ווי די גענז: גער־גער־גער! דאָ, ביי זייער לעצטען אָפּשטעל און אויס׳טענה׳ן זיך, האָט ער שוין מעהר נישט געקאָנט אריבערטראָגען און ער האָט

זיך ווידער א מאָל געלאָזט גלייך אויף זיי — דאָס מאָל שוין מיט מעהר פרישקייט און מיט מעהר אימפעט.

דערזעהען פאר זיך דעם שונא אזוי נאָהענט און דערפיהלט א סכנה, זענען אונזערע דעלעגאטען פערשטאָרבען געוואָרען, און ס'איז געבליבען בהסכם כולם, אז מע דאַרף זיך ראטעווען, מאכען פליטה. וואוהין? צוריק — הייסט נעהן גלייך אויף איהם. האָבען זיי גענומען קלינגען אלע מיט א מאָל אין דער טהיר אריין, נוט קלינגען, מיט אלע כחות, און נאָט האָט געהאָלפען — די טהיר האָט זיך טאקי, עפּיס ווי על־פּי־נס, געגעבען איין עפען־אויף, און עס האָט זיך בעוויזען א פּאַרשוין מיט א רויט איינגעהאָדעוועט פּנים, מיט אויסגעשניטענע פּאָלעס און מיט ווייסע הענטשקעס אויף די הענד. ארויסגעלאָפען איז דער פּאַרשוין מלא רציחה, גע־מאכט מיט די הענד, געשריגען און געשאָלטען און געארבייט אזוי, גלייך ווי דאָס וואָלטען זיין ווילדע מענשען, אָדער גזלנים, חולי־גאַנעס, וואָס האָבען געוואָלט מאכען איין אָנפאל אין מיטען העלען טאָג אויף זיין בעל־הבית'ס שטוב.

דערזעהען פאר זיך „איין אָפענע טהיר", האָבען זיך די כתרי־לעווקער חוליגאַנעס געגעבען אלע אינאיינעם א שפּאַר־אריין. האָט זיי אָבער דער פּאַרשוין מיט'ן אויסגעהאָדעוועט פּנים מיט די ווייסע הענטשקעס געגעבען מיט'ן גאנצען כח א שפּאַר־ארויס צוריק. און אין דער מינוט איז אונטערגעקומען דער יון מיט'ן שווערד, געגעבען א שטארקען פייף, און ס'איז אויסגעוואַכסען, ווי פון אונטער דער ערד, נאָך א יון, אויך איין אָנגעוואָפּענטער פון קאָפּ ביז פיס.

אומזיסט האָבען זיך אונזערע כתרילעווקער אויסדערוועהלטע געבעטען ביי'ם פּאַרשוין מיט די ווייסע הענטשקעס, ער זאָל זיי אריינלאָזען אינעווייניג, חאָטש פון פאָרענט, חאָטש אין קיך אריין. אומזיסט האָבען זיי פערריסען די אויגען ארויף, אריינגעקוקט אין די הויכע פענסטער אריין, טאָמער וועט דער אויבערשטער טהון א נס (ער, אז ער וויל, קאָן ער!), טאָמער וועט דער גביר אליין, אָדער עמיצער פון זיין הויזגעזינד, דערזעהען אידען זענען אין א

סכנה, וועט מען ארויסגעבען א בעפעהל פון אויבען, מע זאָל זיי נישט אָנריהרען...

האָט אָבער אויף זייער מזל קיינער פון די הויכע פענסטער נישט אראָפּגעקוקט, און אונזערע דעלעגירטע, די פּאַרנעמסטע בעלי־בתים פון כתרילעווקע מיט'ן רב רב יוזיפעל בראש, זענען אָפּגע־פיהרט געוואָרען מיט גרויס כבוד אין אזא מקום אריין, וואָס קיין דירה־געלד קאָסט דאָרט נישט און אַלע זענען דאָרט גלייכע מיוחסים: אפילו אידען, און אפילו כתרילעווקער אידען, קאָנען זיך דאָרטען זיצען און זיצען, אבי יאָהרען.

## קאַפּיטעל יב.

## דער נס.

דער וואָס מיינט, אז היינטיגע צייטען טרעפען זיך שוין גאָר קיין נסים נישט — דער האָט א טעות. אמת, א נס טרעפט זיך היינט זעלטען, זעהר זעלטען, אָבער עס טרעפט. דעם בעסטען בעוויז האָבען מיר — אונזערע כתרילעווקער געפאַנגענע.

די לעזער מעגען זיך מיינען, אַז, ווי יעדער מחבר, זענען מיר מסתמא מגזם און טראַכטען־אויס אזעלכע זאכען, וואָס נישט גע־שטויגען, נישט געפלויגען. מיר פערזיכערען אָבער, אז דאָס, וואָס מיר דערצעהלען דאָ, איז לויטער אמת. פּונקט אין דעם מאָמענט, וואָס סע האָט זיך געטראָפען דער אויבענבעשריבענער פאַל מיט די כתרילעווקער דעלעגאַטען ביי דער טהיר פונ'ם גדול, פונ'ם „לייב צווישען די חיות", פונקט אין דער מינוט, ווען זיי זענען געשטאַנען אין איין ציטערניש און געקוקט ארויף־צו אין די הויכע פענסטער און געטראַכט זיך יעדער ביי זיך אין הארצען: „מאין יבוא עזרי — פון וואַנען וועט קומען די הילף, פון גאָט, צי פון א מענשען?" — פּונקט אין דער צייט האָט בעדאַרפט געהן פאַרביי אונזער בעקאַנ־טער פּאַרשוין פון וואַגאָן, דער „איד וואָס קאַטאָרי".

נעגאנגען איז ער זיך וועגן זיינע אייגענע געשעפטען, און גיך, ווי זיין שטייגער איז, מיט'ן קאפעלישעל אהינטער, ווייזט אויס, פערטראכט. דערזעהען זיינע בעקאנטע אידען, ארומגערינגעלטע מיט סאלדאטען, איז ער שטעהן געבליבען. ער האט באלד אנגעשמעקט מיט זיין נאז, וואס דא טהוט זיך, און איז גרייט געווען די רגע אריינשפרינגען אין מיטען און אויפהויבען א סקאנדאל, זיי מאכען א ווישטען סוף: „פאר וואס? פאר ווען? נאט די נשמה!"...

נאכדעם האט ער זיך אבער מיישב געווען: אפשר ניין? ער קען זיך זעהר גוט. א היצינער מענש. מי יודע וואס פאר א ווערטער עס קאנען זיך ארויסרייסען ביי איהם פון מויל... ער האט זיך געטראכט, אז מיט תקיפות איז נישט גוט (ס'איז תמיד גלייכער, אז מע בעטראכט זיך), און ער האט אראפגערוקט דאס קאפעלישעל, זיך גענומען ביי'ם בערדעל, צוגעמאכט איין אויג — א סימן, אז דער מח ארבייט, — האט זיך אויסגעקערעוועט צוריק און איז מיט די זעלבע גיכע טריט אוועק, ווי א מענש, וואס איז נעפאלען אויף א גלייכע המצאה און האט פעסט בעשלאסען דורכצופיהרען די אידעע ביז'ן סוף.

וואוהין איז דער פארשוין אוועק?

מיר ווייסען נישט, וואוהין, נאר מיר קאנען רעכענען, אז מסתמא האט ער זיך געלאזט געהן טאקי אהין, צום „לייב פון די חיות", מחמת רעמזעלבען אויף־דער־נאכט האט דער טעלעפאן אין די הויכע פענסטער אנגעהויבען צו ארבייטען מיט סכנות־נפשות...

און אין דער פאליציע האט געקאכט. פענעס האבען געסקריפעט, טינט האט זיך געגאסען, פאפירען זענען אנגעשריבען געווארען, און די נעפאנגענע, וועלכע זענען שוין גרייט געווען צו געהן א לאנגען וועג אהיים מיט'ן עטאפ, זענען פלוצים אויפגעחאפט געווארען אין מיטען ביינאכט, ארויסגעצויגען געווארען פון

דער פינסטערניש און אריינגעפיהרט געוואָרען אין א גרויסע ליב־טיגקייט מיט אזא אימפעט, גלייך ווי דאָס וואָלטען זיין נישט כתרילעווקער קליינע מענשעלעך, נאָר מי יודע ווער... אמת, מע האָט זיי קיין שטוהלען נישט אונטערגעטראָגען, זעצען זיך נישט פאַרגעלעגט און פון מחילה בעטען שמועסט מען נישט. דערפאַר האָט מען אָבער נישט געהערט, מע זאָל אויף זיי אָנשרייען, חלילה, ברעננען פאר׳ן מויל דעם אידישען טיטול „זשיד“; אדרבה — פיין, שטיל, נאָר זעהר בחפזונ׳דיג, געחאפּט, טאקי נאָר ווי יציאת־מצרים, איז צוגעגאנגען די בעפרייאונג פון די כתרילעווקער חולי־נאנעס. די קלענערע שרייבער און שרייבערלעך האָבען זיך נישט געקאָנט זאט בעוואונדערען, וואָס טהוט זיך דאָ: „איבער אזעלכע אידלאָקעס אזא בהלה!“...

די ערשטע מינוט, אז מען איז ארי נגעקומען צו אונזערע געפאנגענע און געזאָגט, זיי זאָלען זיך מטריח זיין ארויף, האָבען זיי זיך איבערגעקוקט צווישען זיך און אָפּגעזעגענט זיך שטילער־הייד, אָהן ווערטער. וואָס ערוואַרט זיי דאָרטען, אויבען? — דאָס ווייסט נאָר איין גאָט אין הימעל. הלואי, רבונו של עולם, זיי זאָלען אָפּקומען נאָר מיט תפיסה אליין. וואָרום וואָס איז היינ־טיגע צייטען תפיסה, אז תליה איז א וואָכעדיגער גאנג?... דאָס איז אָבער נאָך נישט אינגאנצען: יעדער איד האָט א ווייב און קינדער, און אז עס קומט צו א ווייב מיט קינדער, זענען אידען (מיר מוזען זיך מודה זיין) געפעהרליכע עגאָאיסטען...

מיט אונטערגעהאקטע פיס און מיט צעבראָכענע הערצער זענען אונזערע דעלעגאטען אריינגעבראכט געוואָרען פאר די, אין וועמענ׳ס הענד עס איז געלעגען איצט זייער גורל. נאָר איינער איז געגאנגען פאָראויס מיט פעסטע טריט, ווי אלע מאָל, חאָטש אפילו שטארק איינגעבויגען און אָנגעלעהנט אויפ׳ן שטעקען.

דאָס איז געווען דער אלטער רב יוזיפעל.

— ווער איז דאָ צווישען אייך דער „סאַמע ראַבין“? — האָט מען זיי אַ פרעג געגעבען האַלב ערנסט און האַלב ליצנות׳דיג.

— דאָס בין איך! — האָט אַ זאָג געגעבען רב יוזיפעל מיט אַ מאָדנער שטאַרקייט און איז אַרויסגעטראָטען מיט אַזאַ מסירות־נפש, גלייך ווי ער וואָלט גענומען אויף זיך דעם גאַנצען בלבול און וואָלט זיין גרייט די רגע געהן אויפ׳ן עשאַפאָט פאַר זיינע אַלע אידען.

שען, גרויסאַרטיג שען, איז געווען אין דער מינוט אָט דער אַכציגיעהריגער זקן. זיין נעל־געקנייטשט, דורכזיכטיג געלייטערט פנים האָט געלויכטען, גלייך ווי די שכינה האָט אויף איהם גערוהט. אין זיינע אַלטע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ יונג פייערעל, נאָר די הענד האָבען איהם געציטערט און די אַכסלען האָבען זיך געטרייסעלט. ער האָט געוואַרט, וואָס וועט מען איהם זאָגען. ער איז גרייט געווען אויסצוהערען אַלסדינג, דאָס ערגסטע, וואָס בייזע מענשען קאָנען נאָר צוטראַכטען. ווען מען הערט אָט דער אַלטער מיט די אַכציג יאָהר, וואָס הינטער זיינע פּלייצעס? ער האָט אַזש פערלעגט איין האַנד אַהינטער און געקוקט גלייך אין די אויגען אַריין מיט אַ מין גדלות און מיט איין עזות, וואָס די אויף־טוידט־איבערגעשראָקענע כתרילעווקער אויסדערוועהלטע האָבען עס קיינמאָל אויף זייער רבי׳ן נישט געזעהען.

דאָס איז געווען אַ הויכע מינוט, וואָס האָט זיך געצויגען לאַנג־לאַנג, אפשר אַ גאַנצע אייביגקייט.

— ביזט דו דאָס, הייסט עס, דער „סאַמע ראַבין“? — האָט מען איהם נאָך אַ מאָל אַ זאָג געגעבען מיט׳ן זעלבען האַלב־ערנסטען, האַלב־ליצנות׳דיגען טאָן. — נאַ, אָט האָסט דו דיר צוריק דיין געלד, וואָס איהר האָט צענויפגעזשעברעט פאַר אייערע אָפּגעברענ־טע אידלעך, און נעמט אייך אייערע לייבסערדאַקעס (דאָס האָט מען געמיינט, אַפנים, די טלית־ותפילינס) מיט די פּאָנטשאָכעס

(און דאָס האָט מען געמיינט, אפּנים, זייערע בעריהמטע זאַנ־טיקעס) — און היידא גלייך מיט דער באַהן צוריק אהיים. ביז טאָג זאָל דאָ אייער פוס נישט זיין. מאַרש!

*

* *

געקומען אהיים, האָבען אונזערע אויסדערוועהלטע געהאַט גענוג צו דערצעהלען חידושים און נסים ונפלאות פון זייער נסיעה און די נסיונות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען צוליעב די נשרפים: ווי אַזוי מען איז געפאָהרען, און ווי אזוי מען איז געקומען, און וואָס מע האָט געהערט, און וואָס מע האָט געזעהען, ווי אזוי עס האָט זיך געגאָסען אויף זיי נדבות — אַ מבול פון נדבות (פריהער איז געוועזען אַ „רעגען", איצט איז שוין געוועזען אַ „מבול"), און ווי אזוי מע האָט זיי געפאַנגען דאָרט, ביי די הויכע פענסטער, און אָפּגעפיהרט אין גוטען „מקום", צוגענומען ביי זיי די „קלינגערס" און אַריינגעזעצט אין „חד־גדיא" אריין... און נאָכדעם — דער נס, ווי אזוי דער אויבערשטער האָט בעוויזען, וואָס ער קאָן: מע האָט זיי בעפרייט און אומגעקעהרט צוריק דאָס גאַנצע געלד ביז דער לעצטער פּרוטה, און נאָך מיט אַ יתר־שאת: אז זיי זענען שוין געוועזען גרייט צו דער נסיעה צוריק אהיים, האָט זיי אָנגעיאָגט איינער אַ מענש מיט אַ הויכען קאַפּעליש און האָט זיי איבערגע־געבען גאָר איבעראַנייעס אַ שענע מטבע, אַ היבשע „פּויטיקע" — אַ נדבה פאַר די כתרילעווקער נשרפים, טאַקי פון איהם אליין, פון דעם, וואָס יענער פאַרשוין האָט אָנגערופען מיט'ן נאָמען: „דער לייב צווישען די חיות" — היינט געהט זאָגט, אז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט!

יאָ. די כתרילעווקער דעלעגאַטען האָבען געהאַט וואָס צו דערצעהלען, און האָבען נאָך צו דערצעהלען און צו דערצעהלען. איך מיין, אז סע וועט קלעקען אויף אַ גאַנצען ווינטער, און אפשר וועט נאָך בלייבען אַ ביסעל אויפ'ן זומער.

נאָר איין רב יוזיפעל האָט נישט דערצעהלט גאָרנישט. ער האָט אָנגענומען א פול מויל מיט וואסער — און שא. ער האָט זיך פון דער נסיעה אומגעקעהרט זעהר מיעד און שוואך און צע־בראָכען. נישט אזוי צעבראָכען אין גוף, ווי אין נפש, אין דער נשמה... און דערצו איז ער געווען פערנומען, בעשעפטיגט טאקי מיט זיך אליין. ער האָט זיך, פערשטעהט איהר מיך, געגרייט צו איין אנדער נסיעה, ער האָט זיך געגרייט אין ווייטען וועג אריין, — אין א וועג, פון וואנען קיינער איז נאָך ביז היינט צוריק נישט געקומען... מיינט נישט, אז א איד ווי רב יוזיפעל, ער מעג זיך זיין א רב און א זקן און אריבער שמונים, איין מענש אליין, אָהן א קינד, אָהן א רינד, אָהן א שום פערמעגען, — נאָר קוים האלט מען ביי געהן פון דער זינדיגער וועלט, איז פארהאן, פארהאן וואָס צו טהון...

# הקדמה.

אין דער לעצטער צייט האָבען אנגעהויבען אַרויסגעהן אויף דער וועלט אַלערליי בעשרייבונגען פון שטעדט און פון לענדער, וכדומה אזעלכע ניצליכע ביכער. האָב איך מיך מיישב געווען אזוי: אומעטום טאַנצען מיר זיי נאָך: ביי זיי זענען פאראַן גאַזעטען — ביי אונז זענען פאראַן גאַזעטען; ביי זיי איז פאראַן „נאָווי־גאָד" — ביי אונז איז פאראַן „נאָווי־גאָד"; ביי זיי איז פאראַן „יאָלקעס", — ביי אונז איז פאראַן „יאָלקעס"... ביי זיי איז פאראַן אַ בוך „גאַנץ מאָסקווע", „גאַנץ פעטערבורג", „גאַנץ בערלין", „גאַנץ פּאַריז", — פאַר וואָס זאָל ביי אונז ניט זיין אַ בוך „גאַנץ כתרילעווקע"?

ואני — און איך, שלום־עליכם, וואָס איך בין אַליין אַ דאָר־טיגער פון געבוירען און בין ניט לאַנג געווען דאָרטען צו־גאַסט אויף קבר־אָבות, האָב איך מיך מיישב געווען: מיט וואָס קאָן איך אָפּדאַנקען מיינע כתרילעווקער ברידער און שוועסטער פאַר זייער גאַסטפריינדליכקייט, ווען ניט מיט דעם, וואָס איך וועל זיי מאַכען אַ שטיקעל נאָמען אויף דער וועלט? דערביי האָב איך אין זינען געהאַט, געוויינטליך, מעהר טובת־הכלל ווי מיין אייגענע טובה: לאָזען פרעמדע מענשען וויסען, אַז זיי וועלען קומען קיין כתרילעווקע, וואו מע דאַרף זיך אָפּשטעלען, ווי אזוי מע דאַרף פאָהרען, וואו מע זאָל עסען אַ גוטען מיטאָג, פערטרינקען מיט אַ גלעזעל וויין, זיך דורכגעהן אביסעל אַמוזירען אין טהעאַטער, וכדומה אזעלכע פערגעניגענס, וואָס זענען דאָרטען פאַראַן לרוב, וואָרום ס'איז שוין ניט דאָס כתרילעווקע, וואָס אַמאָל. דער גרויסער וועלט־פּראָגרעס האָט זיך אַהין אריינגעכאַפּט און האָט איבערגעקעהרט די שטאָדט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף. און דערפאַר האָב איך עס אַ נאָמען געגעבען: „דאָס נייע כתרילעווקע".

.1

## כתרילעווקער טראַמוואַי.

אַנגעקומען בין איך קיין כתרילעווקע מיט דער באהן — עס געהט שוין, דאנקען גאָט, אהין א באהן! — אָסיען־צייט, אין דער פריה, פאר'ן דאווגען. אין דרויסען האָט געמראַקעט א קליין רע־גענדעל, און סע האָט זיך געבילדעט פון דעם א גרוים שיטער בלאָט־קעלע. אויפ'ן וואָקזאל האָבען זיך א לאָז געטהאָן אקעגען מיר א גאנצע קאָמאנדע הויז־משרתים מיט געלע בערד, מיט געלע קאַ־פאָטעס און מיט געלע בלעכלעך אויף די געלע אָפגעבארעטע קאַש־קעטלעך.

— פעטער! גראנד־האָטעל!

— האָטעל פראַנציע, פעטער!

— פעטער! פאָרטוגאַליע!

— פעטער! טערקאַליע!...

דורכגעלאָפען מיט גאָט'ס הילף דורך דער דאָזיגער קאָמאנדע הויז־משרתים בשלום, האָב איך מיך ארייגגעחאַפּט צווישען איין אנדער חברה, חברה בעלי־עגלות מיט גרויסע שטיוועל און מיט לאנגע בייטשען. די דאָזיגע חברה־לייט האָבען מיך ממש שיער ניט צעריסען אויף שטיקלעך. איינער א יונגאַטש מיט ביינער האָט ביי מיר בעל־כרחי ארויסגעריסען מיין טשעמאָדאַנטשיק, האָב איך געמאַכט זעהר א גרויסען גוואַלד: „מיינע כתבים! מיינע פּאַפּיערען!" — האָבען זיך צוויי אנדערע בעלי־עגלות אָנגענומען מיין קריוודע, מיך געוואָלט נעמען צו זיך, און ס'איז געוואָרען צווישען זיי א געשלעג. בתוך כך האָב איך געחאַפּט מיין טשעמאָ־דאַנטשיק, ארויסגעגליטשט זיך פון זייערע הענד און האָב זיך גע־לאָזט גלייך צום טראַמוואַי.

— אהער, ברידערלעך, אהער! א פיטאקעל א פאָהר! א פיטאקעל א איד! פון דאנען ביז'ן עק בעלעפיליר גאָס סך־הכל איין פיטאַקעל! פינף קאָפּיקעס א איד!

דאָס שרייט דער קאָנדוקטאָר אליין, א יונגערמאַנטשיק מיט א געל בערדעל, אויף א חאָרחעלדיגער שטימע, מיט א רייזעטאַש אויפ'ן האלז און מיט א קנעפּעל אויפ'ן קאַשקעטעל. נעבען איהם שטעהט נאָך איינער, א איד מיט א צעריסענער קאַפּאָטע און מיט א בייטש — דער קוטשער פונ'ם טראַמוואַי. ביידע ווייזען מיר מיט די הענד אויף א מין ביידעל, וואָס שטעהט אָנגעבויגען אביסעל אויף א זייט, מיט אויסגעזעצטע שויבען, וואָס מע רופט דאָס „וואַגאָן"; ביי א לאַנגען דישעל שטעהט צוגעשפּאַנט א ווייס אויסגעדארט פערדעל, האלט אראָפּגעלאָזט די מאָרדע און דרימעלט.

— פּאַוואָלי נאָר, — זאָגט צו מיר דער קאָנדוקטאָר — איהר זאָלט זיך ניט פאַרטשעפּען דאָרט; עס פעהלט א ברעטעל אין דער פּאָדלאָגע. מע רעמאָנטירט דעם טראַמוואַי.

איך זעץ מיך אריין פאַמעליך אין וואַגאָן, לעג־אַנידער נעבען זיך דעם טשעמאָדאַנטשיק און וואַרט. ס'איז קיהלבליך. איך קלאָפּ א פּוס און א פּוס.

— קאָנדוקטאָר! — זאָג איך צום יונגענמאַן. — מיר וועלען אמאָל פאָהרען, צי ניין?

— אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף! — ענטפערט מיר דער קאָנדוקטאָר.

— געב נאָר אהער אביסעל טיטון, דו, יוסיל! — מאַכט צו איהם דער קוטשער, וואָס מיט דער בייטש און מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע.

— איהר זענט ניט קראַנק צו רויכערען קאָרענציס, רב כתריאל! — האַקט איהם אָפּ יוסיל דער קאָנדוקטאָר. — פון גוטען טיטון קאָן אייך חלילה וועה טהון דער קאָפּ!

— מאַך ניט קיין אָנשטעלען, דו סמאַרק איינער, און געב אהער א ציגאַר טיטון! — זאָגט צו איהם כתריאל דער קוטשער.

און דער קאָנדוקטאָר מיט'ן קוטשער פערדרעהען צו פאַ־פיראָסען.

— ווען וועלען מיר פאָהרען ? — פרעג איך ווידער ביי'ם קאָנדוקטאָר.

— היינט. — ענטפערט ער מיר גאנץ קאַלטבלוטיג און גיט דעם קוטשער פעררויכערען.

איך ווארט און ווארט, ביז עס הויבען אָן ביסלעכווייז צענויפ־קלויבען זיך פארשוינען. פריהער קריכט אריין א איד מיט א צעריסען טולופעל פון א מין רויכווארג, וואָס ס'איז שווער צו טרעפען, וואָס פאר א חיה האָט געטראָגען די דאָזיגע פעל: זאָל איך זאָגען א פוקס — איז דאָס צו ווייס; זאָל איך זאָגען א קאַץ — איז דאָס צו רויט. נאָך דעם אידען מיט דעם צעריסענעם טולופעל קריכט אריין נאָך א איד אָהן א טולופ, א געפרוירענער נעבאך, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען, זיפצט און זוכט איין אָרט און זעצט זיך אנידער ביי דער טהיר אין א ווינקעלע. נאָך דעם גע־פרוירענעם אידען קריכט אריין א קאַשעק מיט עפעל, און תיכף נאָכ'ן קאַשעק — א אידינע, איינגעוויקעלט אין דריי שאַלען, און אלע דריי זענען צעפלאָכטען, און מע זעהט, אז ס'איז איהר נעבאך קאַלט.

— פיאַ־אויט ! רב כתריאל, פאשאָל ! — רופט זיך אָן יוסיל דער קאָנדוקטאָר צו כתריאל דעם קוטשער, טהוט א פייף, און דער טראַמוואַי ריהרט פונ'ם אָרט. ער געהט־אָפּ עטליכע טריט און שטעלט זיך באלד אנידער. עס עפענט זיך אויף דאָס טהירעל פונ'ם וואגאָן און עס בעוויזט זיך א קאָפּ.

— נישט פארהאַן דאָ משה ?

— וואָסער משה ? — פרעגט יוסיל קאָנדוקטאָר.

— א בחור מיט א קאַשקעט ! — ענטפערט דער קאָפּ.

— ער דיענט אין א זאליאזנע קראָם ? — פרעגט איהם יוסיל.

— אין א זאליאזנע קראָם. — ענטפערט דער קאָפּ.

— איך קען איהם! — מאַכט יוסיל קאָנדוקטאָר, טהוט אַ פייף צום קוטשער: — פיאָ־אויט! רב כתריאל, פּאַשאָל! און מיר פאָהרען ווייטער.

— אַ בילעט! — רופט זיך אָן צו מיר דער קאָנדוקטאָר. — איהר זענט מיר עפּיס ניט קענטליך; אפנים, ניט קיין היגער?... איהר רעכענט דאָ שטעהן לאנג? קאָן איך אייך פאַרפיהרען אין אַ סטאַנציע, דוקא ניט קיין האָטעל, נאָר אַ ריינע, אָהן וואַנצען... און עסען וועל איך אייך אָנווייזען איין ערטעל, וואו עס וועט אייך קאָסטען וואָלוועל און איהר וועט האָבען הנאה.

איך דאַנק איהם זעהר און זאָג איהם, אז איך האָב דאָ בעקאַנטע. פרעגט ער: ווער זענען זיי, וואָס זענען זיי און וואָס איז זייער טהועכץ? איך טראַכט איהם אויס אַ נאָמען פון דער הגדה און טשעפּע מיך אָפּ פון איהם. ער לאָזט מיך צו־רוה און געהט־צו צום אידען מיט'ן טולופּעל און הייסט איהם נעמען אַ בילעט. דער איד מיט'ן טולופּעל קנייטשט מיט די פּלייצעס:

— ווייס איך! איך האָב דען אַ גראָשען אפילו ביי דער נשמה?...

— שוין דאָס דריטע מאָל היינטיגע וואָך, אז איהר פאָהרט אָהן אַ בילעט! — זאָגט צו איהם יוסיל קאָנדוקטאָר מיט פערדראָס.

— נו, בכן — זאָל איך געהן צו־פוס? צי זאָל איך געהן ערגיץ גנב'ענען פון דיינעטוועגען? — ענטפערט איהם דער איד מיט'ן טולופּעל אויך מיט פערדראָס.

יוסיל קאָנדוקטאָר טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד און געהט אוועק פון איהם צו יענעם געפרווירענעם אידען, וואָס אָהן אַ טולופּ. יענער מאַכט זיך ווי ער דרימעלט.

— הערט נאָר, זייט־זשע מוחל, אַ בילעט!

דער איד האָט זיך כלומרשט אויפגעכאַפּט פון'ם שלאָף און רייבט אַ האַנד אָן אַ האַנד.

— אַ בילעט! — מאַכט צו איהם נאָך אַ מאָל יוסיל קאָנדוקטאָר.

— שמעתי! — ענטפערט איהם דער איד און הוקעט זיך אין די קֻולעקעס אריין.

— וואָס טויג מיר אייער שמעתי? — זאָגט צו איהם יוסיל קאָנדוקטאָר מיט'ן הארבען וואָרט. — נעמט־ארויס, זייט מוחל, א פּיטאַקעל און גאט אייך א בילעט.

— שאַ־שאַ! — מאַכט צו איהם דער געפּרווירענער. — וואָס איז עפּיס מיט אזא ירגזון? קום איהם אָן, א גאַנצער יחסן!

— מאַכט ניט קיין אָנשטעלען — זאָגט צו איהם יוסיל קאָנ־דוקטאָר — און גיט אהער דאָס פּיטאַקעל!

— עט־נו! — מאַכט צו איהם דער געפּרווירענער. — מיר וועסט דו, מאָהלט אייך, עפּיס אָפּלאָזען פון א פּיטאַקעל!

— מיינע צרות וועל איך אייך אָפּלאָזען! — זאָגט יוסיל קאָנ־דוקטאָר.

— האַלט זיך מיט זיי געזונטערהייד! — ענטפערט איהם דער נעפּרווירענער. — איך האָב געננוג אייגענע צרות.

— וועל איך אייך בעטען מחילה, איהר זאָלט זיך מטריח זיין אראָפּ פון'ם וואַגאָן! (צום קוטשער:) רב כתריאל, סטאָפּ!

כתריאל דער קוטשער שטעלט־אָפּ דעם טראַמוואַי און איז זיך ממש מחיה, און דאָס פערדעל — אודאי.

— זייט זשע מוחל, מיט דער רעכטער פוס! — זאָגט יוסיל קאָנדוקטאָר צום געפּרווירענעם. דער געפּרווירענער זיצט, טאַנצט מיט די פיס און רייבט זיך די הענד און ריהרט זיך ניט פון'ם אָרט.

— איהר וואָרט אויף כבוד? — מאַכט צו איהם יוסיל קאָנ־דוקטאָר. — איהר ווילט, איך זאָל אייך נעמען פאר'ן קאָלנער און ארויסוואַרפען אויף דריי שפּענדלעך? לאָז קומען וועלוועל דער „קאָנטראָליר", ער איז ביי אונזער קאַסירער אויף א ברית, וועט איהר האָבען אייער פּסק. רב כתריאל, פּאַשאָל! — מאַכט ער צום קוטשער, און דער טראַמוואַי פאָהרט ווייטער.

— נישטאָ קיין אמת אויף דער וועלט! — רופט זיך אָן פּלוצים די אידינע פון די עפּעל. — מיט וואָס איז דער איד ערגער

פון יענעם אידען, וואָס יענער מעג פאָהרען אָהן א בילעט און דער טאָר ניט? באשר יענער טראָגט א טולופּעל, און דער געהט נאקעט! ער וועט דיר אָפּניצען א שטיקעל בענקעל וועט ער דיר? צי דו מיינסט, מע וועט דיר שטעלען א גאָלדענע מצבה וועט מען דיר?

— ווער בעט אייך, איהר זאָלט זיך ארויסשטעלען פאר א מליץ־יושר'טע? — רופט זיך אָן צו איהר יוסיל קאָנדוקטאָר. — וואָס גלייכט איהר זיי צו יענעם אידען? יענעם אידען קען איך: ער איז א טאטענ'ס א קינד, נעבאך א געפאלענער. און זיי (ער ווייזט אויפ'ן געפּרווירענעם) — איך וויים ווער זיי זענען? עפּיס איין אָרעמאַן, א שלעפּער!

— נו, און אז איין אָרעמאַן, איז וואָס? — שטעלט זיך אויף די אידינע פון די עפּעל. — באדארף מען איהם ווארפען? וואָס איז פאר א ווארפען וואָס? זעה נאָר, וואָס ער האָט דאָ חוטא־בענל געוועזן! דאָס פערדעל געהט דאָך במילא אין שטאָדט אריין, וועט זיצען נאָך א איד! עלעהיי, לאָז זיך דיר דאכטען, אז דו האָסט שוין צוגענומען נאָך א פיטאקעל, נו? וועסט דו זיי שוין פעט מאכען דערמיט די יויך וועסט דו?

— אז מע פרעגט אָבער ביי אייך קיין עצות ניט! — מאכט צו איהר יוסיל קאָנדוקטאָר. — איהר גיט בעסער אהער אייערס א פיטאקעל און נאָט אייך א בילעט!

— אוי! אידען! — חאפּט זיך אויף די אידינע, טהוט א פּאטש איבער די קליידלעך. — איך האָב אָבער געוואוסט, אז ער וועט זיך טשעפּען צו מיר אויך! איך זאָל אזוי האָבען אלדאָס גוטס, ווי איך האָב געוואוסט!

— וואָס זשע דען האָט איהר געמיינט? — זאָגט יוסיל קאָנ־דוקטאָר. — איך וועל אייך פיהרען אומזיסט?

— וואָס הייסט, דו וועסט מיך פיהרען? — מאכט די אידינע. — דער וואָגען פיהרט מיך, ניט דו פיהרסט מיך! ער האָט זיך אָנגעהאנגען א מעשען קנעפּעל און קאָמאנדרעוועט! איך נעדענק דאָך נאָך, אז דו ביזט געוועזן א באהעלפער ביי לייזער־

הערש דרדקי ביזט דו געווען, געטראָגען די קינדער אויף די פּלייצעס אין חדר אריין מיט א טעפּעלע אָנבייסען, — היינט וואָס דער־צעהלסט דו מעשיות: „בילעט — שמילעט“?

— וואָס זאָגט איהר צו מיינע גליקען? — מאַכט צו מיר יוסיל און זעצט זיך צו צו מיר. — אָט אזוי, ווי איהר זעהט, זענען זיי דאָ אלע אזעלכע פּארשוינען. ווער עס האָט געלט און קאָן צאָהלען — דער געהט צו־פוס, און ווער עס האָט ניט און קאָן ניט צאָהלען — דער פאָהרט מיט׳ן טראַמוואַי, און געה לעב, האַלט־אויס איין אלטע מאַמע מיט א שוועסטער איין אלמנה... איהר זעהט א פּאָר שטיוועל? (ער ווייזט מיר די שטיוועל) זיי בעטען עסען...

פּלוצים הערט זיך א טראַסק, א קלאַפּ פון צוויי דישלעס, א חראָפּען און א סאַפּען פון צוויי פערד. דאָס האָבען זיך בעגעגענט צוויי וואַגאָנעס אויף איין ליניע, דער אהער, דער אהין. און עס הערען זיך קללות:

— א חלירע! א מיתה משונה! סע זאָל ארוח אין דיין טאַטענ׳ס טאַטענ׳ס טאַטען אריין ביז אָדם הראשון געפלויגען געוואָרען!...

— ווער דערוואָרגען מיט׳ן דישעל, און לאָז זיך דיר שטעלען דאָס מויל אויף א זייט! א רוח אין דיין טאַטענ׳ס טאַטען! דו ביזט בילכער!

— וואו זענען דיינע אויגען, דו ממזר? זעהסט, אז איך פאָהר רעכטס — נעמט מען זיך לינקס!

— וואו שטעהט דאָס געשריבען, דו פּאַרך איינער, אז דו באַדאַרפסט פאָהרען רעכטס און איך לינקס? טאָמער איז גאָר איבערגעקעהרט דעם פּעלץ אויף דער אנדערער זייט: איך רעכטס און דו לינקס?

— בהמה, דערויף איז דאָך פאַרהאַן צוויי ליניעס; איך אהער און דו אהין!

— ביזט אליין א פערד! וואו שטעהט דאָס געשריבען, אז דו אהער און איך אהין?

— ווייסט דו וואָס? חאַפּט זיי בעני מיט זייערע ליניעס, מיט זייערע וואַגאָנעס, מיט זייער גאַנצען טראַמוואַי! געב נאָר אהער, כתריאל־סערדצע, א ציגאַר־טיטון, טאָמער האָסט דו? ברע־נען זאָלען זיי מיט׳ן טראַמוואַי אויף איין פייער! וואָס מאַכט עפּים די אַלטע דיינע? שטילער געוואָרען אביסעל?

— ווי לאַנג שמייסט מען זי! שטיל איז זי נאָר דעמאָלט, ווען זי שלאָפט. וואָס הערט זיך עפּים ביי דיר?

— וואָס זאָל זיך הערען? מע מאַכט מיר אויף די „פּאָסטאָ־ראָנקעס“. איך האָב מורא, איך וועל מיט זיי שלאָגען כפּרות...

— ווייסט דו ניט וואָס מע טהוט, בהמה? דו שלאָג בעסער מיט זיי בלאַט; נעם זיי אויפ׳ן „דראָנזשיק“, אַזוי ווי איך, וועלען זיי געבען האָבער.

— געבען זאָל זיי גאָט קרענק מיט קדחת א גרויס מעס־טעל!... וואָס טהוט עפּים דער „באַלאַנער“ דיינער? ער געהט שוין ביי דיר אין פּריסטיאַזש? צי נאָך ניט?

— לאָז ער דיר געהן אין גאָט׳ס ערד! ער האָט מורא פאַר א בייטש און מאַכט „לעמעל“... א שוועבעלע האָסט דו? געב פייער!

און אָט לאָזען זיך ארייןביידע קוטשערס אין א לאַנגען שמועס אויף בעל־עגלה־לשון, ווי די גרעסטע גוטע ברידער. אויך ביידע קאָנדוקטאָרס פערבינדען צווישען זיך א שמועס גאָר פריינדליך, ביז עס קומט אָן וועלוועל קאָנטראָליר, פרייליך פונ׳ם קאַסירער׳ס ברית, און מאַכט א געפּילדער:

— א רוח אין אייער פּאָרענט און מיטען אריין! איהר האָט זיך שוין ווידער פאַרביטען מיט די יוצרות? אייער גליק, וואָס איך בין היינט אביסעל אויפגעלעגט פונ׳ם ברית, וואָס אונזער קאַסיר מאָטי האָט געמאַכט... הערט איהר, קינדער, האָט ער גע־מאַכט א ברית — זאָל א רוח אין זיין טאַטען אריין! ניט אומ־זיסט זיצט ער ביי דער קאַסע... איך וואָלט אויך א בעלן געווען! א סך בעסער ווי זיין א קאָנטראָליר, נאָכלויפען נאָכ׳ן וואַגאָן, ווי א הונט!... אידען! וואָס האָט זיך דאָ ביי אייך געטראָפען?

ווייעדער אַ קאַטאַסטראָפּע? ווייעדער אַ צוזאַמענפּאָהרעניש? וואו זענען אייערע אויגען? די פאַרשווינגען — חאַפּט זיי דער וואַטעג־מאַכער! אַ גליק, וואָס די וואַגאָנעס ניט צעבראָכען. בקיצור, איהר מוזט זיך, קינדער, צעפּאָהרען... רב כתריאל־סערדצע, נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט־איבער דאָס פערדעל מיט'ן דישעל און פּאָהרט צוריק אויפ'ן וואָקזאַל, און רב עזריאל וועט אייך נאָכפּאָהרען הינטען...

— וואָס איז עפּיס געפאַלען דער גורל אויף מיר? — זאָגט כתריאל. — לאָז עזריאל איבערשפּאַנען דאָס פערדעל און לאָז ער פּאָהרען צוריק אין שטאָדט אריין, און איך וועל איהם נאָכפּאָהרען הינטען.

— רב עזריאל! — רופט זיך אָן דער קאָנטראָליר. — נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט איבער דאָס פערדעל און פּאָהרט צוריק אין שטאָדט אריין.

— אָבער גאָר לא מיט אַ לאנגע־כּף! — זאָגט עזריאל. — איך קאָן באַשטעהן, אַז כתריאל זאָל איבערשפּאַנען דאָס פערדעל און פּאָהרען צוריק צום באַהן. ער איז ניט חולה.

— איך זאָל וויסען, דער טוידט זאָל מיר זיין — זאָגט כתריאל — פּאָהר איך ניט צוריק!

— איך זאָל וויסען, אַז איך נעם דאָ איין אַ מיתה־משונה, — זאָגט עזריאל — ריהר איך ניט פונ'ם אָרט!

— אזא יאָהר! אזא מזל! — מישט זיך אריין די אידינע, חאַפּט דעם קאָשעק מיט עפּעל און קריכט ארוים פונ'ם טראַמ־וואַי. — אַ שענער פּאָהר! פּיטאַקלעך הייסען זיי זיך נאָך צאָהלען! ווען איך געה צו־פוס, וואָלט איך שוין זעכס מאָל געווען אין שטאָדט וואָלט איך! אַ „טראָמבעליק" האָבען זיי צוגעקלעהרט אין כתרי־לעווקע — טפו זאָלען זיי ווערען!...

„אפנים, — טראַכט איך מיר — אז מע בעדאַרף נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און עולה־רגל זיין אין שטאָדט אריין"...

איך נעם מיין טשעמאָדאַנטשיק אין די הענד אַריין און לאָז מיך נעהן מחילה צו־פוס; פאָהרען־אָן פון הינטען חברה בעלי־עגלצים מיט אַ פייף מיט אַ הוק און מיט אַ געלעכטער.

— אהא? דער רבי האָט ניט געוואָלט עסען קיין טייגלעך מיט פאַסאָלים? איהר האָט נישט געוואָלט פאָהרען מיט קיין פראָסטען בעל־עגלה? מיט'ן „טראָמבעליק" האָט זיך אייך גע־גלוסט? אייער גליק, וואָס איהר זענט נאָך אַרויס גאַנץ, נישט געמאַכט פון אייך קיין פרעזשעניצע... קריכט שוין אין בויד אַריין, פעטער, מיט'ן טשעמאָדאַנטשיק, קריכט אין וואָס פאַר אַ בויד איהר ווילט, — ביי אונז איז יד אחת, אַ מכה בחברותה, וואָס גאָט ניט, אבי אינאיינעם... וויאָ, קינדער, וויאָ־וויאָ!...

איך קריך מיט מיין טשעמאָדאַנטשיק אין בויד אַריין און פאָהר־אַריין קיין כתרילעווקע מיט גרויס פאַראַד.

II.

# כתרילעווקער האָטעלען.

— אויב איהר ווילט, סע זאָל זיין וואָלוועל און ס'זאָל לאָפּ־טשען, וועל איך אייך פארפיהרען אויף א רעכטע סטאנציע! — מאכט צו מיר מיין בעל־עגלה און פיהרט מיך צו א צווייגאָרענ־דיגער שטוב מיט אָפּגעקאָלופּעטע ווענד, און איך לייען־איבער איין אויפשריפט מיט גרויסע אותיות: „האָטעל טערקאליא". מיין בעל־עגלה קלאָפּט מיט דער בייטש אין טהיר און שרייט אויף א קול:

— נח! נח! וואו ביזט דו ערגיץ אין אלדי רוחות? עפּען! איך האָב דיר געבראכט א העכט!...

אויף דעם געשריי עפּענט זיך די טיר און עס בעוויזט זיך א אידעל, וואָס מע רופט איהם נח, דער שווייצאר פונ'ם האָטעל. ער חאפּט מיין טשעמאָדאנטשיק, פרעגט מיך ניט, און טראָגט דאָס ארויף אויף די טרעפּ, גלייך אויפ'ן אויבערשטען גאָרען, און טהוט מיך א פרעג:

— וואָס פאר א נומער, למשל, ווילט איהר? מיט געזאנג, צי אָהן געזאנג?

— וואָס פאר א געזאנג? — זאָג איך.

— פון די אקטעיורען. ביי אונז שטעהען די אקטעיורען פונ'ם אידישען טרעיאטער, און אקעגען שטעהט ביי אונז א חזן פון דער ליטא מיט צוועלף זינגערלעך. געקומען צו פאָהרען אויף שבת. מע זאָגט, אז ס'איז ניט קיין שלעכטער חזן. נאָר איין אנטיק פון א חזן!

— עס קאָן זיין, — זאָג איך — א ער איז איין אנטיק פון א חזן, נאָר איך בין אייך מוחל. איהר גיט מיר בעסער אָהן געזאנג.

— ווי איהר ווילט אייך! — מאכט צו מיר נח דער שוויי־צאר. — איך קאן אייך געבען איין אנדער נומער, די ברירה איז ביי אייך; נאר אז סע וועט אייך זיין דארט ניט אזוי דאסיג, זאלט איהר צו מיר נאכדעם קיין טענות ניט האבען.

— וואס הייסט — זאג איך — „ניט אזוי דאסיג"?

— למשל, — זאגט ער — טאמער וועט מען אייך בייסען.

— ווער — זאג איך — וועט מיך בייסען?

— ווער וועט אייך בייסען? — זאגט ער. — איך וועל אייך ניט בייסען; עס וועלען זיך שוין געפינען אזעלכע, וואס וועלען אייך בייסען. מע האט ניט לאנג, ערב פסח, גערייניגט, נאר עס העלפט ניט, קיין קעראסין אויך ניט...

— אויב אזוי, — זאג איך — לאז שוין זיין מיט געזאנג...

און נח דער שווייצאר פיהרט מיך אריין אין א פינסטער חדר מיט א משונה־מאדנע ריח פון פרישע פעל, נאר־וואס אויסגעמאכ־טע, און פוילע אוגערקעס מיט מאכגארקע. און איידער איך קוק מיך ארום, וואו איך בין אין דער וועלט, חאפט נח עפיס א זאך און הויבט דאס אן צו פאטשען, ווי מע פאטשט א ווייכען קישען, בשעת מע וויל עמיצען מאכען א גוט געלעגער, ער זאל הנאה האבען. בשעת פאטשען רעדט נח צו זיך אליין און שעלט עמיצען מיט טוידטע קללות:

— דו יאלד איינער! דו ים־קאטער! דו אקסענהארן! גוט געב איך דיר א שמיר איבער'ן טשאלענט־ברעטעל און מאך דיר קאלי די יאסלעס! די גאנצע וועלט פאהרט פונ'ם באהן, און ער איז אריין מיט די שטיוואלעס אין בעט, זיך צעלעגט, ווי ביי'ם טאטען אין ווייגגארטען, און חאליעט אין דער קרענק! א שענער לאקעי! קראנק געוועזן ביז אהער עפענען די לארען! צי שטעלען דעם סאמאוואר? צי אפפוצען די אקטעיורען די שטיוועל? צי אויפראמען ביי'ם חזן מיט די זינגערלעך? משה־מרדכי הלך, מיט'ן קאפ אין דער ערד!

ערשט דאָ האָב איך דערזעהען אַ גרויסען בחור'עז, מיט גרויסע גוט־אָנגעשמירטע שטיוועל, און איך האָב שוין פערשטאַנען, פון וואַנען דער ריח נעהט... די פּעטש, וואָס דער לאַקעי האָט געחאַפּט פונ'ם שווייצאַר (דאָס האָט ער זיי געחאַפּט), האָט ער גאַנץ פיין אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע, אָפּגעווישט די ליפּען, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען, אויפגעעפענט די לאָדען, אַ קוק געטהאָן אויף מיר און צעלאַכט זיך.

— זעהט נאָר זעהט! — מאַכט צו מיר דער שווייצאַר. — טאָמער ווייסט איהר, וואָס איז מיט איהם דער געלענדער? סע שטופּט איהם הנאה די פּעטש אויפ'ן ניכטערען הארצען! משה־מרדכי הלך, מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! דו פּאַסקודנער בחור! דו קאַרטאָפּליפרעסער! דו לאָקשענשלינגער! דו בייגעלחאַפּער!...

און נח דער שווייצאַר דערלאַנגט איהם אַ טראַסק אין האַלז־און־נאַקען און וואַרפט איהם אַרויס אויף יענער זייט טיר.

— אַ גאַנץ עהרליכער בחור! — מאַכט צו מיר נאָכדעם דער שווייצאַר. — נאָר אַביסעל אַ פוילער, האָט אַ האַרטען שלאָף. אָהן פּעטש וועט איהר איהם ניט אויפוועקען בשום אופן! האָרעוועט נעבאַך, ווי איין עזעל! וואָס ער פאַרדיענט — גיט ער אָפּ דער שוועסטער. קוים געפּועל'ט ביי איהם, ער זאָל זיך מאַכען אַ פּאָר שטיוועל... וואָס וועט איהר זיך עפּיס הייסען געבען צו דער טיי? פריש געבעקס, אייערבייגעל, קאָרזשיקלעך מיט מאָהן, אָדער גאָר כתרילעווקער פרענזעלען?

און נח דער שווייצאַר דרעהט זיך אויס און ווערד פערשוואונדען.

— פּעטער! איהר זענט שוין אַ געדאַווענטער? — מאַכט צו מיר עמיצער און שטעקט אריין אַ קאָפּ אין דער טיר.

— וואָס געהט דאָס אייך אָן? — פרעג איך איהם.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה. — מאַכט ער.

— ווער זענט איהר? — פרעג איך איהם.

— א איד, — מאכט ער — א פרעמדער, ניט קיין היגער. איך האָב געוואָלט בעטען אייך אויף א מינוט אייער טלית־און־תפילין. מיינעם האָט מען אוועקגע׳גנב׳עט ערשט נעכטען אָט־דאָ, אויף דער סטאנציע.

עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אריין נאָך א קאָפּ אָהן א היטעל און רעדט אויף עטליכע לשונות מיט א מאָל:

— ראזניך טאָוואראָוו, פּאני! זאָקען גוטע! רענקאוויטשקי זיעמני, בעסטעווארע וואָלוועל! בחצי־חנם, יאק באָגא קאָחאם!... קויפט אייך זאָקען חאָטש א האלב טוץ!... לאָז אייך גאָט געבען געזונט!... איך האָב ניט געוואוסט ווער איהר זענט, וואָרום סע מאכט זיך א מאָל, מע טרעפט־אָן אויף א פּריץ און מע רעדט צו איהם אוועק א שעה כסדר אויף אונזער אידיש לשון, חאפּט מען א פּסק. האָב איך מיך מיישב געווען, איך וועל מיך פּרובען אויף פּויליש, אויף רוסיש, אויף דייטש; איך פארשטעה, דאנקען גאָט, עטליכע שפּראך... הענטשקעלעך א פּאָר גוטע, ווארעמע, ווילט איהר ניט?... איך בין, ווי איהר זעהט מיך, געווען אמאָל א גרויסער סוחר, געפאָהרען אויף די גרעסטע ירידים: קיין יארמעלינעץ, קיין פּראָסקוראָוו און קיין פּאָלטאווע... מעהר, הייסט דאָס, ווילט איהר גאָר ניט? זייף א שטיקעל? א קעמעלע א גוטס, פון די אנטיקען? ניין? א דאנק אייך פאר׳ן פּריון. מיינע קינדער וועלען זיך מחיה זיין... אפשר וועט איהר פאָרט קויפען א בער־שטעל א גוטס? אָדער א שניפּס א שענס? אָדער נאָך א האלב טוץ זאָקען, וועל איך אייך אָפּגעבען וועלוועלער. ניין? איהר ווילט ניט? האָט זשע אייך א גוטען תמיד!...

דער איד האַפּט דאָס היטעל און געהט־אוועק. עס קומט־אריין איין אנדער איד, שוין מיט א היטעל.

— קויפט ביי מיר זאָקען, פעטער, גוטע זאָקען, וואָלוועל!

— איך דארף ניט קיין זאָקען. — זאָג איך. — א דאנק!

— וואָס הייסט — זאָגט ער — איהר דארפט ניט קיין זאָקען? אָס האָט איהר דאָך נאָר־וואָס געקויפט א האלב טוץ זאָקען

ביי יענעם! איך בין אויך אַ איד אַיין אָרעמאַן און אַ מטופּל מיט קינדער, צוויי איננלעך אין דער „אוטשילישטשע", איינער איז ביי אַ בעל־מלאָכה און די קלענערע אין חדר... אַ דאַנק אייך. זייט געזונט. גאָט זאָל אייך באַגליקען!...

נאָך דעם אידען קומט־אָן איין אַנדער איד. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט איין איבערגעשראָקען פּנים.

— אויב איהר ווילט פאַרדיענען אַ מצוה, איהר זאָלט פאַר־שפּאָרען פאַסטען תשעה־באָב, נעמט־צו ביי מיר אַ רעשטעל אין גלייכען געלט. פאַרבליבען ביי מיר זאָקען אַ פּאָר טוץ.

— איך דאַרף ניט קיין זאָקען! — זאָג איך. — איך האָב שוין גענוג זאָקען.

— איך געב זיי אייך אָפּ אונטער'ן קרן. — זאָגט ער. — איך דינג מיך מיט אייך ניט. וויפיעל איהר וועט געבען, געבען זאָל אייך גאָט געזונט און לאַנגע יאָהר!... איך האָב אַ זוהן אין גימ־נאַזיע, ענדיגט ער היינטיגס יאָהר, וויל שטודיערען אויף דאָקטאָר. „דו וועסט שוין פאַרשפּאָרען, — זאָגט ער — טאַטע, אַזוי האָ־רעווען. דעמאָלט האָרעווען וועל איך שוין, און דו וועסט שוין, זאָגט ער, אַביסעל אָפּרוהען"... אַזוי זאָגט ער צו מיר, מיין זוהן. נאָר דערווייל מוז מען איהם אונטערהאַלטען מיט אַ דריידערעל, חאָטש ער פאַרדיענט שוין, קיין עין הרע, אַליין אַזעלכע צעהן קאַרבען אַ חודש... בלייבט געזונט און זייט מצליח!

נאָך דעם אידען קומט אַריין אַ אידינע מיט אַ טערקישער שאַל און רעדט מיט אַ ניגון:

— דאָס זענט איהר דער אורח פון יעהופּעץ?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געהערט זאָגען, אַז איהר זענט געקומען קיין כתרילעווקע קויפען זאָקען, האָב איך אייך געבראַכט עטליכע טוץ זאָקען אויף אַ מוסטער. ביי מיר איז אַ פאַבריקע פון זאָקען. שוין צעהן יאָהר, אַז איך אַרבייט זאָקען...

— ווער האָט אייך געזאָגט, — זאָג איך — אַז איך קויף זאַקען? איך בין ניט געקומען נאָך קיין זאָקען, איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

נאָר די אידינע הע... ניט וואָס איך רעד און טהוט זיך איהרס: זי מאַהלט, ווי אַ מיהל.

— מיינע זאָקען האָבען אַ שם אויף גאַנץ כתרילעווקע! קוקט אָן אַ זאָק!... וואָס זאָגט איהר אויף דעם זאָק?

— אָבער אין גאָטעס ווילען! — שריי איך. — איך קויף ניט קיין זאָקען! איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

— אָט ליגען דאָ — זאָגט זי — ביי אייך זאָקען!

— דאָס האָב איך געבראַכט זאָקען אויף צו פאַרקויפען! — זאָג איך און בעגלייט־אַרויס די אידינע און פערשלים די טיר, טאָמער טראָגט מען מיר זאָקען. — ווער קלאַפּט דאָס?

— ס'איז איך! — ענטפערט מען מיר פון יענער זייט טיר.

— ווער איז דער „איך"? — פרעג איך און האָב מורא עפענען די טיר, טאָמער טראָגט מען מיר זאָקען. — ווער קלאַפּט דאָס?

— דוד. — ענטפערט מען מיר.

— וואָסער דוד?

— דוד שפּאַן.

— וואָסער דוד שפּאַן?

— דוד שפּאַן דער קאָמיסיאָנער!

— וואָס דאַרפט איהר? — פרעג איך איהם. — אפשר זאָקען?

— איהר דאַרפט — זאָגט ער — זאָקען? אָט טהו איך אַ שפּאַן צווישען די קלייטען און ברענג אייך זאָקען!

— ניין! ניין! — שריי איך. — איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

איך עפען־אויף די טיר, קומט מיר אַקעגען נח דער שווייצאַר, אָנגעלאָדען מיט בולקעס און מיט בייגעל, מיט קיכלעך, פּלעצלעך, קאָרזשיקלעך און פּרענזעלען.

— פון וועמענ'ס וועגען איז דאָס אזוי פיעל פּראָוויזיע? — פרעג איך איהם.

— וואָס האָט איהר יסורים? — זאָגט נח. — פאר די הינט וועט מען דאָס חלילה ניט ארויסוואַרפען. פאַרהאַן, קיין עין־הרע, ווער ס'זאָל עסען. איך אליין האָב זעכס פּיקערס אייגענע, אחוץ צוויי פרעמדע יתומים נעבאַך... זאָגט מיר בעסער, וואָס זענט איהר פאַר א מאָדנע בריאה אזעלכע? איהר דאַרפט האָבען זאָקען, האָט איהר ניט געקאָנט זאָגען מיר? ניט דוד'על שפּאַן, ער זאָל אייך געהן ברענגען זאָקען?

— ווער האָט איהם געהייסען — זאָג איך — ברענגען זאָקען?

— איך וויים ניט, — זאָגט נח — ווער עס האָט איהם געהייסען; איך האָב איהם געוויס ניט געהייסען! דוד'על־גנב וועט אייך ברענגען זאָקען, וועט זיין וואָס צו זעהען! כתרילעווקער זאָקען!...

ביי די ווערטער עפענט זיך אויף די טיר און עס קומט אריין א געפּאַקט אידעל מיט רויטע באַקען, מיט א פערשוויצט פּנים און מיט א ליולקע־ציבעקעל אין מויל. איך מאַך ניט קיין לאַנגע שהיות, נעם איהם אָן ביי דער האַנד און ווייז איהם די טיר.

— געהט אייך געזונטערהייד מיט אייערע זאָקען צו אַלדי גוטע יאָהר! איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

— גאָט איז מיט אייך! — רופט זיך אָן צו מיר נח דער שווייצאַר. — וואָס טרייבט איהר זיי? דאָס איז דאָך אונזער בעל־הבית פונ'ם האָטעל!...

— אזוי גאַר? האָט קיין פאַראיבעל ניט. — זאָג איך צו איהם און געב איהם אָפּ שלום, און טראָג איהם אונטער א בענקעל. — איך האָב געמיינט, דאָס זענט איהר יענער איד, וואָס איז אַוועקגעלאָפען מיר ברענגען זאָקען. איין אומגליק! מע האָט מיך פאַרוואָרפען מיט זאָקען! א מבול פון זאָקען! זיצט, איך בעט אייך.

— א דאנק! איך קאָן באַשטעהן! — מאַכט צו מיר דער בעל־הבית און זעצט זיך אַנידער און פּיפּקעט פון׳ם ליולקע־ציבע־קעל. — פון וואַנען קומט א איד? פון יעהופּעץ? איך האָב דאָרטען א באַקאַנטען אין יעהופּעץ. דאָס הייסט, ער זיצט שוין ניט אין יעהופּעץ — ער איז אַריבערגעפאָהרען פון דאָרטען שוין לאַנג, איך האָב מורא, אויב ניט א יאָהר אכטצעהן, און אפשר טאַקי אַלע נייענצעהן... קיין אדעס, זאָגט מען, איז ער אַריבער־געפאָהרען; ער האָט דאָרטען קרובים אין אדעס, ס׳איז ביי זיי א קאַנטאָר פון ווייץ. צוויי קאַנטאָרען, איינע אין אדעס, די אַנ־דערע אין ניקאָלאַיעוו... די אדעסער קאַנטאָר מאַכט נישקשה, נאָר די ניקאָלאַיעווער קאַנטאָר מאַכט ניט אַזוי גוט, מחמת ניקאָלאַיעוו איז צינד געשלאָגען, שטאַרק געשלאָגען, איבער פעאָדאָסיע, זאָגט מען, איבער דעם „פּאָרט“, וואָס מע האָט געמאַכט אין פעאָדאָסיע. ס׳איז היינט א גאַנצע שטאָדט געוואָרען פעאָדאָסיע. איך האָב אין פעאָדאָסיע אויך באַקאַנטע. א פיינע שטאָדט, זאָגט מען, פעאָדאָסיע!...

איך זעה, אַז ס׳איז א מעשה אָהן איין עק, פאַל איך איהם אַריין אין די רעד און טהו איהם א פרעג:

— וואָס האָב איך אייך אין זינען געהאַט צו פרעגען? יאָ. פאַר וואָס האָט איהר א נאָמען געגעבען אייער אכסניא „האָטעל טערקאַליא“?

— איך געדענק נאָך פעאָדאָסיע — ענטפערט מיר דער בעל־הבית — פאַר א קליין שטעדטעל... איך בין אַליין, פאַרשטעהט איהר מיך, א דאָרטיגער, א בעסאַראַביער בין איך, פון בעסאַ־ראַביע, פון א קליין שטעדטעל דובאָסאַרע. דאָס הייסט, געבאָרען בין איך פון בעלץ... איהר זענט געוועזען א מאָל אין בעלץ? א פיינע שטאָדט בעלץ. נאָר ווי קומט זי צו קעשעניעוו?...

— גוט מאָרגען געלע, רעטאַך טראָג איך! — מישט זיך אַריין נח דער שווייצאַר פון דערוויטען. — איהר מעגט רעדען

מיט'ן בעל־הבית אביסעל העכער, ס'איז ביי זיי קאַלי די שמיעה, זיי הערען ניט די וועלט...

איך רוק זיך צו צום בעל־הבית גאַנץ נאָהענט און שריי איהם אויף א קול גלייך אין אויהער אריין:

— איך פרעג, פאַר וואָס הייסט עס עפּיס אייער האָטעל מיט אזא מאָדנעם נאָמען?

— וואָס שרייעט איהר אזוי? — מאַכט ער צו מיר. — איך בין ניט טויב! א מאָדנער נאָמען, זאָגט איהר? מיט וואָס איז ער אזוי מאָדנע? „אינטאַליע“ איז גוט? „פּאָרטוגאַליע“ איז גוט? און „טערקאַליע“ טויג ניט?! יענע אַלע נעמען האָט מען פאַרחאַפּט פריהער, האָב איך א נאָמען געגעבען נאָכ'ן טערק... יאָ, איז וואו האַלט איך? קעשעניעוו! און די מענטשען?... ביי אונז אין בעסאַראַביע, הערט איהר, זענען גאָר אַנדערע מענטשען! ביי אונז אין בעסאַראַביע עסט מען גאָר אַנדערש... ביי אונז אין בעסאַראַביע, אַז מע זעצט זיך עסען, דערלאַנגט מען, הערט איהר, צו אַלעם ערשטען די שענע פיש פונ'ם שענעם טייך. נאָכדעם — „קאַרע“, דאָס גוטע, דאָס פעטע שטיקעל „קאַרע“. נאָכדעם גיט מען אויף דעם גרויסען טעלער די שענע די ריינע מאַמעליגע, וואָס מע שניידט דאָס מיט'ן גרויסען פאָדעם אין דער ברייט. נאָכדעם דערלאַנגט מען די פרישע די הייסע פּאַמפּושקעס, און מע פאַר־טרינקט מיט דעם אמת'ען ריינעם בעסאַראַביער וויין, און מע פאַרבייסט מיט דעם רעכטען, דעם גוטען נאַהוט... אזא מין ארבעס...

און דער בעל־הבית בשעת מעשה בעלעקט זיך און מאַכט מיר איין אפּעטיט צום עסען, און בשעת דער בעל־הבית רעדט פון די בעסאַראַביער מאכלים, לאָזט זיך הערען פון איין זייט א געזאַנג פון א ליטווישען חזן, וואָס ציקעלט זיך, שרייעט און מאַכט מאָדנע העויות:

ישמחו ב־
מלכותך שו־
מרי שבת ו־
קוראי עונג!...

און דאָס כאָהר צעטיילט זיך אויף צווייען; איין האַלב כאָהר זינגט:

טוראַרירל! טוראַרירל!
טוראַרירל! טוראַרירל!

און דאָס אַנדערע האַלבע כאָהר האַלט־אונטער:

פּים־פּאָם!
פּים־פּאָם!
פּים־פּאָם!

און פון דער אַנדערער זייט הערט זיך אַ געזאַנג פון די „אַקטעיורען“:

פּי־סע־לעך!
און פּי־סע־לעך!
און לעבעדיגע!
פּי־סע־לעך!
אויף מיר אַזאַ יאָהר!...

אויף דער משרת, וואָס פּוצט די שטיוועל הינטער מיין טיר, טהוט אַלע מאָל אַ שפּיי אויפ'ן בערשטעל און זינגט אַ ליעדעל:

האָב איך אַ שוויגער,
האָט זי איין איי־איי־איי־דעם!
שלאָגט ער איהר טאָכטער,
ציטערט דער ביי־איי־איי־איידעם!

און נאָך אַ געזאַנג לאָזט זיך הערען: אַ קול פון אַ אידינע, וואָס זי שעלט דעם מאַן. דאָס זוכט די בעל־הבית'טע דעם בעל־הבית אין אַלע נומערען, און הערט ניט אויף צו שעלטען איהם

מיט משונה־מאָדנע קולות, וואָס לאָזען זיך אויס, מיינסטענס, מיט א גראַם:

א מכה, א צרה! א שלאַק, א כפרה!
איין אויסגוס, א קללה! א קלאָג, א יללה!
א פייער, א שרפה! א מהומה, א מגפה!...

— איהר וועט עסען מיט׳ן בעל־הבית און מיט דער בעל־הבית׳טע? — מאַכט צו מיר נח דער שווייצאַר אויף דער טיר. — צי איהר וועט געהן עסען אין א רעסטאָראַציע?

— אין א רעסטאָראַציע! — זאָג איך. — אין א רעסטאָראַציע!...

## III.

# כתרילעווקער רעסטאָראַנען.

„כשר! בכאן עסט מען פריש און וואָלוועל! שרה אינדיק".

איבערגעלייענט אזא מין אויפשריפט, קלעטער איך ארויף, אויף גליטשיגע טרעפּ, אויפ'ן צווייטען שטאָק פון א רויטען נאָקעטען מויער, און חאָטש די ריחות, וואָס לאָזען זיך הערען אויף די טרעפּ, זענען עפּיס ניט אזוי אנגענעהם פאר דער נאָז, נאָר א הונגעריגער מאָגען קלויבט נישט איבער.

— וואו איז דאָ ערגיץ שרה אינדיק? — טהו איך א פרעג ביי איין אלטען אידען מיט א געל פּנים, וואָס זיצט אויף דער ערד און פערריכט איין אלטען מאטראַץ.

— ווייט! — מאכט צו מיר דער אלטער און טהוט א פּאטש דעם מאטראַץ, און עס געהט פון איהם א גרין רויכעל.

— אוועקגעפאָהרען? — פרעג איך איהם.

— אוועקגעפאָהרען! — מאכט צו מיר דער אלטער און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — אוועקגעפאָהרען אויף אייביג!...

— געשטאָרבען? ברוך דיין אמת! — זאָג איך און וויל מיך ארויסחאפּען צוריק.

— יאָ, — מאכט ער — געשטאָרבען. ערב פּסח ווערד זעכס יאָהר, אז זי איז געשטאָרבען. גלויבט מיר, איך האָב זי נאָך נישט פארגעסען אויף קיין מינוט אפילו! ווי קאָן מען דען אזעלכעס פארגעסען? איהר קאָכען, איהר באקען, איהר באַגעהן זיך מיט דער וועלט, איהר רעדען מיט א מענטשען און איהר צוטרעפען מיר מיין שגעון! נאָר איך פארשטעה ניט — איך באדארף אייך דערצעהלען? איהר האָט דאָך זי מסתמא געקענט?

— פון וואנען — זאָג איך — האָב איך זי געזאָלט קענען, אז איך בין דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען אין כתרילעווקע?

— הערסט! היינט וואָס זשע — זאָגט ער — פרעגט איהר זיך נאָך אויף שרה'ן?

— איך פרעג גאָר ניט אויף שרה'ן. — זאָג איך. — איך פרעג, צי דאָ איז דער רעסטאָראַן „שרה אינדיק", וואָס סע שטעהט אויפגעשריבען אויף דער וואנט? איך וויל עפּים עסען.

— עפּים עסען? — מאכט ער צו מיר. — הערסט! היינט וואָס זשע שווייגט איהר? רחל! רחל!

און עס בעווייזט זיך אַ שווארצ'חנ'עוודיג ווייבעל מיט שווארצע לאַכענדיגע אויגעלעך, מיט פערקאַטשעטע ארבעל און מיט מעהל אויף די הענד, אויפ'ן פאַרטוך און אויפ'ן פּנים.

— וואָס איז שוין ווייטער? — רופט זיך אָן דאָס שווארצ־חנ'עוודיגע ווייבעל, טהוט זיך אַ וויש די נאָז מיט'ן ארבעל, וואָס אויף דער זייט עלענבויגען. — מע לאָזט ניט איבערזיפּען די מעהל! אַלע מינוט: רחל! רחל!

— זיי ווילען עפּים עסען. — מאכט צו איהר דער אַלטער און הערט ניט אויף צו פּאַטשען דעם מאַטראַץ.

— עפּים עסען? — רופט זיך אָן דאָס ווייבעל מיט אַ מאָדנע מין געזאַנג, ווי מען איז מעביר די סדרה, און טרייסעלט־אויס דעם פאַרטוך און פערשיט מיר די אויגען מיט מעהל. — וואָס ווילט איהר עסען?

— וואָס האָט איהר? — זאָג איך צו איהר מיט'ן זעלבען ניגון, וואָס זי.

— וואָס ווילט איהר? — זאָגט זי נאָך אַ מאָל מיט'ן אייגענעם ניגון.

— וואָס איך וויל? — זאָג איך. — המ... פיש איז דאָ ביי אייך געפילטע?

— נאָכ'ן מארק פיש? — זאָגט זי — אַ שענע מעשה!

— נו, לאָז זיין באָרשטש, — זאָג איך — אז ניט קיין פיש.

— וואו האָט איהר געזעהן — זאָגט זי — נאָך האַלבען טאָג באָרשטש? אַ באָרשטש דאַרף זיך קאָכען — דאָס ווייסט איהר, צי ניין?

— אַלסדינג — זאָג איך — באַדאַרף זיך קאָכען.

— אבי איהר ווייסט, — זאָגט זי — איז גוט!

— נו, — זאָג איך — איז קיין ראָסעלפלייש אויך ניטאָ?

— פון וואַנעט — זאָגט זי — האָט זיך גענומען אַ ראָסעל־פלייש? ס'איז געווען אַ ראָסעלפלייש, האָט מען איהם אויפ־געגעסען.

— נו, — זאָג איך — לאָז זיין אַ יויך!

— מיט וואָס, — זאָגט זי — ווילט איהר, זאָל זיין די יויך? מיט מאַנעגרייפלעך, מיט אַ מצה'לע, צי מיט מאָנדלען (אַ פתח פערבייט זיך ביי איהר אָפט אויף אַ קמץ).

— לאָז זיין — זאָג איך — מיט וואָס איהר ווילט, אבי אַ יויך!

— אויף וועו, — זאָגט זי — ווילט איהר, זאָל זיין די יויך?

— וואָס הייסט, — זאָג איך — אויף וועו? אויף באַלד!

— וואָס הייסט, — זאָגט זי — אויף באַלד? איהר ווילט דאָך מסתמא אַ יויך זאָל זיין פון עוף? וואָסער טעם האָט אַ יויך אָהן עוף? און איין עוף באַדאַרף מען ערשט האָפּען, שיקען צום שוחט, אָפּפּליקען, מאַכען, זאַלצען, אָפּגיסען, אויסוויקען און צו־שטעלען. עס קאָן אַרויסקומען הלואי אויף דער נאַכט.

— גיט זשע מיר אַזוי — זאָג איך — וואָס ניט איז: אַ שטיקעל פלייש, אַ ביסעל זופּ, אַ פרעזשעניצע פון עטליכע אייער, אָדער עפּיס געזאַלצענס, טאָמער האָט איהר?...

— אַ מאָדנער איד! — רופט זי זיך אָן צום אַלטען. — אַלסדינג גלוסט זיך איהם... אַ הערינג, אויב איהר ווילט, קאָן איך אייך מאַכען.

— לאָז זיין אַ הערינג, — זאָג איך — אבי גיכער.

— ווי אַזוי ווילט איהר? — זאָגט זי. — מיט אַ ציבעלקע?

— מיט אַ ציבעלקע.
— און מיט עסיג אוי־עך?
— מיט עסיג אויך.
— און מיט בוימעל אוי־עך?
— מיט בוימעל אויך.

זי טהוט וויעדער אַ טרייסעל דעם פאַרטוך, קאַטשעט־אָפּ די ארבעל, לאָזט זיך געהן נאָך אַ הערינג און קעהרט זיך אום צוריק.

— ווי אזוי האָט איהר ליעב אַ הערינג זאָל זיין — מיט אַ מילעך? צי מיט אַ רויג?

— לאָז ער זיין ווי ער וויל זיך, — זאָג איך — אבי לאָז ער שוין זיין.

— גערויכערטע פישלעך עסט איהר?

— פאַר וואָס ניט? — זאָג איך.

— און אדעסער קעפאַליען? — זאָגט זי.

— בכבוד גדול! — זאָג איך.

— איך וויים אָבער ניט, — זאָגט זי — צי זיי זענען שוין דאָ? מיר דאַכט, אַז זיי זענען נאָך נישטאָ, און אפשר זענען זיי שוין דאָ?... ניין, ס'איז נאָך פריה!... פון דעסטוועגען וועל איך געהן זעהן, טאָמער זענען זיי שוין דאָ...

רחל לאָזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צוריק.

— אויף אידישען קאָלבאַס זענט איהר אַ בעלן?

— אָך! — זאָג איך. — אדרבה, קויפט, קויפט קאָלבאַסען, איך האָב ליעב קאָלבאַסען.

— איהר מיינט דאָך אודאי וואַרשעווער קאָלבאַסען?

— נו יאָ! — זאָג איך. — געוועהנליך, וואַרשעווער!

— אזוי! — זאָגט זי. — וועט איהר מוחל זיין זיך דורכ־פאָהרען קיין וואַרשעוו, וועט איהר דאָרט עסען וואַרשעווער קאָל־באַסען. ביי אונז פאַרקויפט זיך כתרילעווקער קאָלבאַסען, פון אונזער אייגענער כתרילעווקער פאַבריקע, באַדאַרף מען האָבען צו זיי אייזערנע צייהן! שניידען מיט אַ מעסער איז אונמעגליך,

סיידען האַקען מיט אַ האַק — דער שוואַרצער יאָהר ווייסט זיי, וואָס זיי שטופּען אָן אַהינצו, וואָס ס'איז אַזוי האַרט? מע האָט אַנומעלטען צעהאַקט אַ קאַלבאַס, האָט מען געפונען אַ צוויאַק. אַפּנים, זיי לעגען אַריין צוויעקעס, סע זאָל געהן גוט אויף דער וואָג?...

— טאָמער וואָלט געוועזן געוועזן געווען גענוג רעדען? — רופט זיך אָן דער אַלטער. — געה און ברענג צו טראָגען, און איין עק זאָל דאָס האָבען!

— וואָס הייסט, גלאַט ברענגען צו טראָגען? מע באַדאַרף דאָך וויסען וואָס ברענגען! איטליכער האָט זיך זיין משוגעת! אָט האָסט דו, אַשטייגער, ליעב געפּרעגעלטע פיש; און אַנדערע האָבען פיינט געפּרעגעלטע, האָבען ליעב באַק־פיש... צי, אַשטייגער, פאַרהאַן אורחים ביי אונז אַזעלכע, וואָס הייסען זיך אָפּקאָכען געהירען און עסען דאָס צעהאַקטערהייד מיט אַ ציבעלקע און מיט שמאַלץ... און ווייעדער איז פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס האָבען ליעב אין מיטען דער וואָך פּעטשאַי מיט צוגעטריקענטע פענעצלעך מיט קנאָבעל... און פאַרהאַן אַזעלכע פרעסער, וואָס וועלען אייך אוועק־געבען די נשמה פאַר איין אָנגעפילטע קישקע מיט פאַרפעל... און פאַרהאַן ווייעדער אַזעלכע, וואָס איהר זאָלט זיי גילטען, זיי זאָלען אייך נעמען אין מויל אַריין איין עסיגפלייש!...

— איך בעט אייך, — זאָג איך — ברענגט מיר וואָס איהר וועט שוין ברענגען, וואָרום איך בין טוידט־הונגעריג!

רחל געהט אוועק, און דער אַלטער רופט זיך אָן צו מיר:

— נייען מאָס רעד!

— ס'איז אייערע אַ טאָכטער? — פרעג איך איהם.

— וואָסער טאָכטער? — מאַכט ער צו מיר. — ס'איז מיין ווייב, דאָס אַנדערע ווייב ביי מיר. עך־עך־עך! אודאי איז דאָס ניט יענע... יענע, עליה השלום, איז געווען אַ אידינע, וואָס מע קריגט זי נישט!... דאָס הייסט, איך האָב צו דער אויך גאָר ניט; זי האָרעוועט נעבאָך זעהר געטריי. אַז אָך און וועה איז איהר!... אָט דאָס שטיקעל מאַטראַץ, וואָס איהר זעהט, איז אונזער גאַנץ

בעטגעוואַנד... און דערצו בין איך אַ קראַנקער און אַ קאַפּריזנער! אויסשטעהן מיין שגעון — באַדאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזען! דאָס הייסט, בטבע בין איך דוקא אַ גוטער, נאָר מיך אַז מע דער׳רגזנ׳ט מיט אַ וואָרט, איז חיות ניט זיכער — וואָס סע קומט מיר אין האַנט פליהט דאָס אין קאָפּ אריין!... אָט אַזאַ ספּילשלי־ווער בין איך!... איהר מיינט, איך האָב דאָס איהר ניט געזאָגט פריהער, איידער איך האָב זי גענומען? איך האָב איהר געזאָגט, אַז קיין האָניג וועט זי ביי מיר ניט לעקען! זי וועט זיין צופריעדען, אַז עס וועט זיין אַ שטיקעל ברויט אין שטוב. פון פלייש און פון מילך שמועסט מען ניט. און ׳האָרעוועט — האָב איך איהר גע־זאָגט פריהער, אַז זי וועט האָרעוועט פאַר דריי...

— צוליעב וואָס זשע האָט זי אייך גענומען? — פרעג איך איהם.

— וואָס הייסט — מאַכט ער צו מיר פערוואונדערט — צו־ליעב וואָס? און די ש ט ו ב איז ביי אייך אַ הונט?

— וואָסער שטוב? — זאָג איך. — אָט דער מויער איז דען אייערער?

— ניין! — מאַכט ער צו מיר מיט אַ געלעכטער. — איך מיין די „רעסטאָראַציע“, וואָס איך האָב. ס׳איז שוין ביי מיר איין איינגעפיהרט געשעפט פון כמה וכמה יאָהרען. אָט ווי ס׳איז ניט געשלאָגען איצטער די פרנסה, פון דעסטוועגען איז פאָרט אַ שטוב! ווען איהר טהוט אַ קוק אויף מיין רחל׳ען, אַז זי טהוט זיך אָן און געהט אַרוים אויפ׳ן שפּאַציער, וואָלט איהר געמיינט, ס׳איז אַ גראַפיניע! זי איז טאַקי, קיין עין־הרע, זעהר אַ שענע. איצט איז זי שוין אַ ביסעל „אָפּגעבליאַקעוועט“. איהר זאָלט זי געוועזן זעהן פריהער מיט עטליכע יאָהר!...

— וויפיעל קינדער האָט איהר? — מאַך איך צו איהם.

— טע־טע־טע! — מאַכט ער צו מיר. — קינדער! אָט דאָס איז די גאַנצע צרה, וואָס איך האָב קיין קינדער ניט!... אַ ביסעל

בראָנפּען וועט איהר נעמען? וועל איך אייך געבען א ביסעל „שפּירעט“.

— אָך, — זאָג איך — מיט׳ן גרעסטען כבוד!

— איך וועל אייך געבען אין א פּינסטערער כלי. — מאַכט צו מיר דער אַלטער און שלעפּט־ארויס פון בוזעם־קעשענע א פלע־שעל און א קליין געגלייזט טעפּעלע און גיסט מיר אָן א ביסעל „שפּירעט“. דאָס ביסעל „שפּירעט“ מאַכט מיר נאָך א גרעסערען אַפּעטיט, און איך פּיהל, אז עס עקט זיך מיר דאָס חיות.

עס קומט רחל מיט׳ן הערינג און טהוט זיך א פּאַטש מיטביידע הענד איבער׳ן קליידעל:

— אוי, א הונגער איז מיר! איך האָב גאָר פארגעסען, אז אין שטוב איז ניטאָ נישט קיין בולקע און נישט קיין ברויט! וואָס פאר א געבעקס האָט איהר ליעב? אידישען קוילעטש, צי פראַנ־זאָלים, צי גאָר קאָרן־ברויט?

— וואָס איהר וועט דערזעהן פריהער — זאָג איך — אָט דאָס זאָלט איהר קויפען! איך בעט זעהר, איהר זאָלט מיך מעהר נישט פרעגען וואָס איך האָב ליעב! איך האָב אַלסדינג ליעב!

— א קאַפּריזנער אורח! — זאָגט רחל. — פּערעבענדיוועט נאָך מעהר ווי מיין מאַן!... מיין מאַן וואָלט א בעלן געווען אַלע טאָג א פרישען פּידפּאַלעק... אַלט־געבאַקען ברויט נעמט ער נישט אין מויל אריין... קאָן דען זיין אַלע טאָג פריש געבעקס? דאָס קאָן אויספיהרען סיידען קאָביליאַנסקי...

— נו, געה שוין, געה! — זאָגט צו איהר דער אַלטער. — זעהסט דאָך, אז זיי חלש׳ען עסען!...

רחל געהט אַוועק נאָך געבעקס און עס קומט אַריין א אידינע א היובע מיט איין אויג: איין האַנד האַלט זי אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנד קראַצט זי זיך אין אויהער.

— וואָס טהוט מען, רב משה־יענקעל, גיט מיר איין עצה? — זאָגט די היובע אידינע צום אַלטען. — ביי מיין שמואל׳קען האָט זיך שוין ווידער צעשפּיעלט איין אויהערעל...

עס קומט אָן רחל מיט'ן געבעקס און מאַכט מיר דעם הערינג, און די הויכע אידינע הערט ניט אויף אויסצומאָהלען, ווי עס רינט ביי איהר שמואל'קען פון איין אויהערעל... זי האָט מורא, זי וועט ווידער מוזען אָנקומען צום רופא — ווייסט זי ניט, צו וואָסער רופא זאָל זי געהן? דען צו וואָסער רופא זי זאָל ניט געהן, ווייסט זי פריהער, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפען, מחמת די כתרילעווקער רופאים, דער רוח זאָל זיי נעמען, זענען גוטע בלוטצאַפּערס! אַ כתרילעווקער דאָקטאָר אַז איהר גיט חלילה ווינציגער פון אַ גילען, טהוט ער אייך אַ שמיץ אין פּנים אריין! ס'איז איהם קאַרג צו קרענקען, דעם פּראָפּעסאָר!...

— גיט עפּיס אַ נדבה אַ קראַנקען! — מאַכט אַ איד מיט אַ בלוי פּנים און ציהט אויס אַ קליין אויסגעטריקענט הענטעל, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען לכתחילה פאַר אַ סגולה אויף בעטען נדבות.

— גיט עפּיס אַ נדבה אַ וויסטען קאַליקע! — רופט זיך אָן אַ נפש, וואָס געהט אויף די הענד, מחמתביידע פיס זענען ביי איהם צענויפגעפּלאָכטען און אונטערגעבויגען אונטער זיך.

— גיט עפּיס אַ נדבה אַ חולה־נופל'דיגען!...

איך ווארף־אוועק אין מיטען דער „סעודה“, איך צערעכען זיך פאַר'ן עסען און אַנטלויף פון דער „רעסטאָראַציע“ וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַכסט!

.IV

# כתרילעווקער ווײן און כתרילעווקער שכורים.

„נאָך אַזאַ מיטאָג וואָלט געווען גוט פערטרינקען מיט אַ גלעזעל ווײן“, — אַזוי טראַכט איך מיר און דערזעה אײן אויפ־שריפט: „בכאן מוכרים יי"נ, מעד וביער למקח השוה“.

איך לאָז מיך אַראָפּ אין אַ פינסטערען קעלער, צווישען פעסער און פעסלעך, צעבערס און פלעשלעך, און דערזעה, ביי דער זייט זיצט אַ היבשער בחור מיט אײן אונטערגעבונדען געשוואָלען פּנים איבער אַ מולטער און האַקט ראָזינקעס מיט אַ האַקמעסער.

— וואו איז ערגייץ דער בעל־הבית? — פרעג איך דעם בחור.

— דער בעל־הבית? — מאַכט צו מיר דער בחור און נעמט־אָן אַ פולע זשמעני מיט ראָזינקעס, טהוט אַ שמיר איבער'ן מויל און חראָמקעט מיט די צייהן גאַנץ געשמאַק. — דער בעל־הבית איז אין קאַמער, ער מאַכט „ווימאַראָזינג“.

— וואָס הייסט — זאָג איך — ער מאַכט „ווימאַראָזינג“?

— איהר ווילט וויסען, — מאַכט צו מיר דער בחור — ווי אַזוי מע מאַכט „ווימאַראָזינג“ ביי אונז אין כתרילעווקע? מע נעמט ראָזינקעס און מע האַקט און מע האַקט, און מע האַקט זיי אַריין אין אַ גרויס פאַס אַריין, מע בויטעט אָן דאָס איבעריגע מיט וואַסער פון דער גנילאָפּיאַטקע און מע מישט אַריין האָפּען, הויבט דאָס אָן צו שפּיעלען, און אַז סע צעשפּיעלט זיך, ווערד אַ גע־שטאַנק, אַז מע קאָן דערוואָרגען ווערען! נעמט מען אַ פּאָר עמער „שפּירעט“ און מע האַקט־אַריין עפּיס אַ מין פּראַשעק אַזעלכען, וואָס סע קאָסט אַ גילען אַ פּוד; נאָכדעם זייעט מען דורך דעם גאַנצען ווײן דורך אַ גויישען העמד און מע שרייבט אָן מיט קרייד

אויף דעם פּאַס: „ווימאָראָזיג אקערמאַן“. און אַז איהר ווילט, דער וויין זאָל זיין רויט, נעמט מען דעם אייגענעם ווימאָראָזיג און מע פאַרפאַרבט איהם מיט גאָלעש־טינט און מע שרייבט אָן מיט קרייד אויף דעם פּאַס: „זמירער פעאָדאָ־סיע“, אָדער „אונגערשער מאַלאַגע“... און כתרילעוו־קער מבינים זשליאָקען די דאָזיגע קאָקאַפיציע און לעקען די פינ־גער... שאַ, אָט געהט דער בעל־הבית, אַרויסגעהן זאָל פון איהם די פּאַרע!

דערזעהן דעם בעל־הבית געהן, הויבט דער בחור אָן צו האַקען די ראָזינקעס מיט אַלע כחות.

— וואָס האָט איהר געוואָלט? — מאַכט צו מיר דער בעל־הבית, אַ רויטער איד, ניט קיין הויכער, מיט אַ הייזעריג קול און מיט איין אויג איין אָפּענעם, וואָס אפילו אַז ער שלאָפט, מוז ער דאָס אויך, אפּנים, האַלטען אָפען.

— אַ גלעזעל וויין. — זאָג איך.

— אַ לאחדים־גלעזעל־וויין? — מאַכט ער צו מיר, דרילעוועט איין אויהער און קוקט אויף דער סטעלי.

— אַ לאחדים־גלעזעל־וויין. — זאָג איך.

— וואָס זשע — זאָגט ער — האָט איהר זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער? פּאַר וואָס זענט איהר ניט אַרויפגעגאַנגען אויבען? קריכט־אַרויף און נעמט זיך, זייט מוחל, רעכטס!

איך קריך־אַרויף און נעם מיך רעכטס און קום־אַריין אין אַ פינסטערען חדר, פול מיט רויך און מיט בלאָטע. עס שטעהען עטליכע טשאַכאָטעטשנע הינקענדיגע בענקלעך, און אידען זיצען, רויכערען פּאַפּיראָסען און טרינקען „ווימאָראָזיג“. זיי זינגען ניט, שרייען ניט, שלאָגען ניט מיט די הענד אין טיש אריין און בע־ווייזען ניט קיין שום מיאוס'ע שטיק; וואָס דען טהוען זיי? זיי זיצען און זויפען דעם „ווימאָראָזיג“ פון די גלעזלעך, פעררויכערען אַ פּאַפּיראָס, זיפצען און קרעכצען און רעדען שטילערהייד. אָט

זיצען צוויי אידען ביי א טישעל, אראפּגעלאָזט די קעפּ. מע זעהט, אַז ס'איז ביי זיי אויסגעגאַנגען וועלטער. חאַפּט זיך אויף איינער:

— וואָס זאָגסט דו, שמעון־דוד, אויף דעם „ווימאַראַזיג“, האַ?

— וואָס זאָל איך זאָגען אויף דעם „ווימאַראַזיג“? — חאַפּט זיך אויף דער אַנדערער, ווי פונ'ם שלאָף. — ס'איז אַ „ווימאַראַזיג“ פון גאָט! ס'איז שוין איין מאָל אַ „ווימאַראַזיג“!

— מע באַדאַרף איהם פרעגען, צי וועט ער האָבען פון דעם איינגענעם „ווימאַראַזיג“, אם־ירצה־השם, אויף פסח?

— דו זאָרגסט זיך שוין פאַר פסח? ביזט שוין, אפּנים, אַ באַוואָהרענטער מענטש אַרום און אַרום, נאָר פסח'יגער „ווימאַראַזיג“ געהט דיר אָפּ?

— וואָס דען, איך בעט דיך, אַז אָך און וועה איז מיר!

— אַז אָך און וועה איז טאַקי דיר, אַז דו באַדאַרפסט זיצען אָט־אַ־דאָ אַ גאַנצען טאָג, אויסבאַהאַלטען זיך פונ'ם ווייב, זי זאָל ניט מאָנען אויף שבת.

— דערמאַן מיר ניט דאָס ווייב, געב מיר בעסער מיט אַ פּיסטויל אין הארצען! וואָס קאָן איך איהר געבען? צרות קאָן איך איהר געבען, אַז אָך און וועה איז מיר!

— דו מיינסט, מיר איז בעסער? אַז אָך און וועה איז מיר אויך!

— איך ווייס, אַז דיר איז אויך ניט בעסער, אַז אָך און וועה איז אונז ביידען! לחיים! לאָמיר זיין געזונט...

נאָך צוויי אידען זיצען ביי איין טישעל, איינער מיט אַ גאַנצער קאַפּאָטע, און דער אַנדערער מיט אַ צעריסענער קאַפּאָטע. דער וואָס מיט דער גאַנצער קאַפּאָטע רעדט, און יענער וואָס מיט דער צעריבענער קאַפּאָטע קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין און שאָקעלט־צו מיט'ן קאָפּ.

— פאַרשטעהסט דו שוין, ווי אַזוי לוי־יצחק דרעהט־אויס אַ געשעפט?... לוי־יצחק קאָן זיך אַריינדרעהען און פאַרדרעהען אי זיך, אי יענעם, און סוף־כל־סוף פאַרט אויסדרעהען!

וואָרום איך, אז איך טרעט־צו צו א געשעפט, שמעק איך פריהער, שאַ, פּאַוואָלינקע, נישט געחאַפּט... און אז איך שמעק גוט אָן וואו עס האַלט, טהו איך מיר אַ פּאָרקע הינטען־אַרום — דאָס, יענס, לאָקש, בוידעס, ציבעלע, טאָמער אַזוי, טאָמער אַזוי, וואָס וועט איך אהרען, ממה־נפשך, ווי זאָגט ער: גוט איז א חיי־שעה!... אי, טאָמער טהוט מיר יענער אַ קוק־אַוועק און איך דערזעה, אז ס'איז אויף צרות, אויף קידער־ווידער? טרעט איך מיר אָפּ אָן א זייט און — שאַ! לאָז זיך עס טהון אָהן מיר!... אויב ס'איז באַשערט, וועט דאָס ניט אוועק, און אז מע וועט באדארפען פּאָר־קען, וועט מען פּאָרקען... פּארהאַן א פּייטערבארג איז פּארהאַן!... מיר ווייסען שוין, וואו א טיר עפענט זיך, מיר פארשטעהען דאָס מין... מיר קענען די עברי וואָס מע דארף... טאָמער דארף מען שרייבען, געפינט־מען שוין דעם, וואָס ער שרייבט... דער עיקר איז, ס'זאָל זיין שטיל — ששש!!! (ער טהוט זיך אליין א ביס דעם קולאַק און ווערד שטיל).

נאָך עטליכע אידען מיט פערשיעדענע קאַפּאָטעס און אלערליי קאשקעטען זיצען ביי איין טישעל און רעדען אלע מיט א מאָל, אזוי, אז זייערע ווערטער ווערען צענויפגעגאָסען אינאיינעם, און עס קומט אויס אַ מישמאַש פון מסחר, פון פּאָליטיק, פון „ווימאָ־ראָזיג“, פון אַמאָליגע יאָהרען, פון היינטיגע קינדער, פון דאָק־טוירים, פונ'ם טראַמוואַי, פון דער טאקסע, פון א רוח־אין־די־כתרילעווקער־נגידים'ס־טאטען־אריין — ס'איז שווער ארויפצוחאַ־פּען אויפ'ן פּאַפּיער דאָס, וואָס סע ווערד דאָ גערעדט. און ביי דער זייט שטעהען ווילד־פּרעמדע אידען, וואָס טרינקען ניט קיין „ווימאָ־ראָזיג“, נאָר זיי זענען ארייננגעגאנגען אהער גלאַט אזוי, הערען וואָס מע רעדט טאקי, און אין איין וועג זיך אָנוואַרעמען...

נאָך א קאָמפּאַניע אידען זיצען ארום טיש, טרינקען „ווימאָ־ראָזיג“ און זינגען אַ ליעדעל, און דוקא אויף גוייש; נאָר שטיל, אָהן געפילדער, מיט זעהר א ווייגענדיגען נוסח, ווי מע זאָגט סליחות אָדער תהלים:

אברהמניו! אברהמניו!
אָבינו טי נאַש!
טשעמו טי נע פּראָסיש
אלהינו נאַש!
אלבאָ נאַם וויקאָפּיט,
אלבאָ נאַם וויפּראָסיט —
לארצנו נאַשו,
לזעמליו נאַשו!?...

אַז עס האַלט ביי'ם „וויקאָפּיט", מאַכען זיי דאָס מיט א שטורם, מיט א ירגזון, דאָס הייסט, מיט שטאַרקייט; נאָר אַז עס קומט צום „וויפּראָסיט", ווערען זיי מיט א מאָל ווייך, בויגען־איין די קעפּ און מאַכען מיט די הענד, ווי, להבדיל, א פּרומער חזן ימים־נוראים פאַר'ן עמוד. און ביי'ם „לארצנו נאַשו, לזעמליו נאַשו" צעוויינען זיי זיך טאַקי מיט טרערען, ווי קליינע קינדער...

— עי־עי־עי־עי! — רופט זיך אָן איינער פון דער קאָמפּאַניע, אַ איד, וואָס דאָס קאַשקעטעל ליגט איהם שוין אויף יענער האַלבע קאָפּ, די אויגען זענען ביי איהם ווי שלעפעריג און די צונג פּלאָנ־טעט זיך שוין אביסעל צווישען די ציינער. — וואָס וואָלט געווען, אשטייגער, כדומיה למשל, מע זאָל אונז אָפּגעבען, הייסט דאָס, ארץ־ישראל? הא, יענקעל? וואָס זאָגסט דו, יענקעל? דו ביזט דאָך עפּים א יודע־נגן!

— ארץ־ישראל? — זאָגט יענקעל, ציהט־אויס דעם האַלז און קראַצט זיך אונטער'ן קאָלנער. — ארץ־ישראל? ע! ס'וואָלט אוראי געווען נימ שלעכט... עפּים טהוען זיי, זאָגט מען, דאָך אין דעם — ווי אזוי הייסען זיי? די... די... די...

— די ציוניסטען? — חאַפּט איהם אונטער נאָך איינער. — בלאָטע! ס'וועט גאָר ניט זיין פון דעם!

— פאַר וואָס? עפּים באַראַרף דאָך זיין אלסדינג מיט א טעם?

— אזוי. מסתמא ווייס איך, אַז איך זאָג. איך האָב פיינט רעדען גלאַט אזוי. דו ווייסט דאָך, אַז איך זאָג, איז געזאָגט!

— איהר זענט אַלע בהמות ! — רופט זיך אָן אַ ראַקאָוואַטע אידעל מיט אַ ליוסטרינענער קאַפּאָטע, רעדט פּאַוואָלי, צעהלט די ווערטער, לעגט־אַרויף דעם פינגער אויף דער נאָז, האַלט דאָס מויל אין אַ זייט און שמייכעלט צו זיך אַליין זעהר געשמאַק, און די בעקלעך פלאַמען איהם. — איהר זענט פערד, ווי איך בין אַ איד, אוי, זענט איהר פערד ! איך קוק און שוויג און הער זיך צו, וואָס איהר רעדט : ציוניסטען, שמיוניסטען, קעבעבע מיט לאַק־רעץ !... איך זעה־אַרוים, אַז איהר ווייסט קיינער ניט מה דקאמרי רביצין ! אויב איהר ווילט, וועל א י ך אייך זאָגען וואָס דאָ ליגט ! די מעשה דערפון איז אַזוי... נאָר הערען זאָלט איהר מיט קאָפּ !...

ער נעמט דאָס בערדעל אין מויל אריין, פערמאַכט די אויגען, טראַכט לאַנג־לאַנג און חאַפּט זיך אויף פונ׳ם שלאָף און טהוט אַ מאַך צום בעל־הבית, קנאַקט־צו מיט׳ן פינגער :

— רב זייט־זשע מוחל ! הייסט געבען נאָך אַ פלעשעל „ווי־מאַראָזיג” !...

.V

# כתרילעווקער טהעאַטער.

ארויסגעגאנגען פונ'ם וויין־קעלער, האָב איך דערזעהן איין אפיש מיט גרויסע אותיות, אויף אידיש, אָפּגעדרוקט די דאָזיגע ווערטער:

„דאָס ערשטע מאָל אין כתרילעווקע!
„דאָס אידישע טהעאטער!
„דער אמת'ער אדלער פון אמעריקא!
„דער גרעסטער קאָמיקער פון דער וועלט!
„איהר וועט צעגעהן פאר געלעכטער!
„אזא באבע יאחנע איז נאָך ניט געווען זינט די וועלט שטעהט!
„אזא האָצמאַך, ווי ביי אונז, איז נאָך גאָר ניט געבוירען געוואָרען!
„היינט שפּיעלט מען א שפּאָגעל־נייע אָפּערא:

## !קאָלדוניאַ!

„אידען! פערזעצט וואָס איהר האָט!
„אידען! געהט אין טהעאטער!
„אידען! איהר וועט זיך מחיה זיין!
„אידען! לויפט!
„בילעטען קויפט!
„גיכער! גיכער!
„ווי א וויכער!"...

אונטען געהט גע'חתמ'עט: דער רעזשיסער, דער דיריזשער און דער אנטרעפּרינער — טאקי אדלער אליין, דער אמת'ער אדלער פון אמעריקא, דער גרעסטער קאָמיקער אין דער וועלט.

— איהר ווייסט ניט, וואו איז דאָ ערגיץ דאָס אידישע טהעאַ־טער? — טהו איך אַ פרעג אַ אידען, וואָס לויפט פאַרביי מיר מיט אַ פעקעל סחורה אונטער דער האַנד.

— דאָס אידישע וואָס? — מאַכט צו מיר דער איד מיט'ן פעקעל סחורה און שטעלט זיך אָפּ און בעטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס.

— דאָס אידישע טהעאַטער — זאָג איך.

— וואָסער טהעאַטער? — זאָגט ער.

— דאָס טהעאַטער, — זאָג איך — וואָס מע שפּיעלט דאָרט.

— ווער שפּיעלט דאָרטען? — פרעגט ער מיך.

— אַדלער — זאָג איך — שפּיעלט דאָרטען.

— וואָסער אַדלער? — מאַכט ער צו מיר.

— אַדלער, — זאָג איך — דער אמת'ער אַדלער.

— פון וואַנען איז ער? — מאַכט ער צו מיר.

— פון אַמעריקע — זאָג איך — איז ער.

— פון אַמעריקע? — מאַכט ער צו מיר. — וואָס זשע טהוט ער היע?

— ער שפּיעלט דאָ — זאָג איך — אינ'ם אידישען טהעאַטער.

— וואָס זשע שפּיעלט ער? — זאָגט ער.

— „קאָלדוניאַ" — זאָג איך — שפּיעלט ער.

— וואָס זשע הייסט דאָס „גאָלדוניע"? — מאַכט ער צו מיר. איך וויל אַוועקגעהן, לאָזט ער מיך ניט; ער וויל, איך זאָל איהם נאָר דערצעהלען, וואָס דאָס איז אַזעלכעס „טרעיאַטער", און וואָס הייסט „גאָלדוניע", און ווער איז דער אַדלער, וואָס ער איז געקומען פון אַמעריקע?... איך דערצעהל איהם, און ווי ווייט מעגליך מאַך איך איהם קלאָר, וואָס איז אַזעלכעס טהעאַטער, און וואָס איז „קאָלדוניאַ", און ווער איז אַדלער. מיין איד הערט־אויס אַלסדינג מיט קאָפּ, בויגט זיך אָן, טהוט אַ שפּיי־אויס און געהט־אַוועק אָהן אַ זייט־געזונד.

— חנה־ביילע! וואוהין לויפסט דו אזוי? — שרייט א ווייבעל צו דער אנדערער איבער דער גאנצער גאס און כאָרכעלט, קאָן ניט אויסרעדען קיין „ריש".

— אין טהעיאַטעה אהאָן! — ענטפערט איהר דאָס אנדערע ווייבעל אויך מיט א כאָרכלען און מיט א קמץ דאָרט, וואו מע דאַרף א פתח. — נו, און דו נעהסט נאָך ניט אין טהעיאַטעה אהאָן?

— אחויסגעהן זאָל איהח די נשמה! — מאַכט דאָס ערשטע ווייבעל. — וואָס זאָגסט דו צו מיין כתרילעוועקעה נגידית? זי וויל, איך זאָל איהח היינט מאַכען די גענז, מאַכען זאָל זיך איהח א מכה! און פּחעגלען שמאַלץ, פּחעגלען זאָל מען שוין זי, הבונו־של־עולם! די גאַנצע וועלט געהט אין טהעיאַטעה, און איך דאַחף זיין געבונדען, בינדען זאָל מען זי שוין אויף אַלע פיעה, ליעבעה גאָט!

— וואָס העחסט דו זי? — זאָגט דאָס אנדערע ווייבעל. — פּאַח דיין געלט מעגסט דו געהן וואו דו ווילסט.

— איך העח זי ווי המן דעם גחייגעח!... — מאַכט דאָס ערשטע ווייבעל. — איך לויף אהיים, איך טהו זיך איבעח און געה אין טהעיאַטעה אהאָן, זי זאָל אַפילו אויפּלויפּען ווי א באַחג!

ביידע ווייבלעך צעגעהען זיך, און איך האָב דערווייל מיט וועמען צו געהן אין טהעאַטער. דאָס ווייבעל קוקט זיך אַלע ווײלע ארום און זעהט, ווי איך געה איהר נאָך, בלייבט זי שטעהן א ווײלע און נעמט זיך רעכטס — איך געה רעכטס; זי נעמט זיך לינקס — איך געה לינקס; זי געהט פּאַוואָלי — איך איהר נאָך. הויבט אָן דאָס ווייבעל לויפען, אזוי ווי מע לויפט אויף א שרפה.

— וואָס איז? — פרעגט מען זי. — וואו לויפסט דו? גאָט איז מיט דיר!

— עפּיס א שלים־מזל! — זאָגט דאָס ווייבעל און ווייזט אָן אויף מיר. — עח געהט מיח נאָך שוין פון א שעה. איך ווייס ניט וועח עח איז!...

גיך ווערד בעשאַפען אַרום אונז אַ גאַנץ רעדעל פון אידען, ווייבער און קינדער. מע הויבט־אָן טייטען אויף מיר מיט די פינגער... עס פאָהרט־דורך פאַרביי אַ בעל־עגלה, חאַפּ איך מיר אַריין אין ביידעל און היים מיך פיהרען אין טהעאַטער אַריין.

צוגעפאָהרען צום טהעאַטער, טרעף איך אַ גאַנצע חאַליאַסטרע מיידלעך מיט בחורים שטעהען אין דרויסען, רעדען און לאַכען און שיטען מיט ווערטלעך.

— לאָזט דורך דעם פּריץ! — שרייט איינער צום אַנדערען.

— פּאַוואָלי, איהר וועט איהם חלילה צעקנייטשען דעם קאַ־פּעליש! — שרייט נאָך איינער.

קוים מיט צרות, מיט לייד, זיך דורכגעשטופּט דורך דער חאַליאַסטרע צו דער קאַסע, אַ קליין פענסטערעל, טהו איך אַ פרעג, צי קאָן איך בעקומען אַ בילעט, און די חאַליאַסטרע פון הינטען שטופּט מיך און קוועטשט מיך פון אַלע זייטען.

— וואָסער אַ בילעט ווילט איהר? — פרעגט מיך דער קאַסיר, אַ דאַרער בחור מיט אַ לאַנגען גאָרגעל.

— וואָסערע בילעטען האָט איהר? — פרעג איך דעם קאַסיר.

— פאַרהאַן — זאָגט דער קאַסיר — אויף אַ גילען און אויף צוויי גילען און אויף דריי גילען.

— און טייערער איז ניטאָ ביי אייך? — פרעג איך איהם, און די חאַליאַסטרע בשעת מעשה הערט ניט אויף צו פּילדערען.

דערהערט פון מיר אַזעלכע דבורים, חאַפּט זיך אויף דער קאַסיר פונ׳ם בענקעל, שטעקט־אַרויס דעם קאָפּ פונ׳ם פענסטערעל און שרייט־אויס אויף דער חאַליאַסטרע מיר גלייך אין פּנים אַריין:

— אַ רוח אין אייער טאַטענ׳ס טאַטען אַריין! איהר וועט זיך ניט צעגעהן? אָט שיק איך אייך אַרויס רב לאָזער דעם גאָראָ־דאָוואָי מיט אַ קישקע וואַסער! קומט — מאַכט ער צו מיר — אַהערצו אין טויער אַריין.

די חאַליאַסטרע טרעט־אָפּ אַ ביסעל אויף אַ זייט, און איך שלאָג מיך דורך דורכ׳ן טויער אין הויף אַריין. אין הויף שטעהט

א גרויסע שטאהל, אָדער א שאַלאַש, וואָס פון די ברעטער לייכט זיך דורך א פייערעל און עס לאָזט זיך הערען א געשריי פון מענ־שען. א האַלבע טיר פון דעם שאַלאַש שטעהט אָפען, און צוויי געזונדע יונגען שטעהען און געבען אכטונג, מע זאָל זיך ניט ארייג־חאַפּען אין טהעאַטער אָהן א בילעט.

— אידען! איינציגווייז געהט! איינציגווייז! — שרייט א איד מיט איין אויסגעפליקטער באָרד און מיט א שווערד אויף דער זייט — אַפּנים, דאָס מוז זיין רב לאָזער גאָראָדאָוואָי. נאָר דער עולם הערט איהם, ווי דעם קאָטער: מע וויל ניט געהן איינ־ציגווייז; איטליכער וויל פריהער און אַלע שפּאַרען זיך מיט א מאָל.

— לאָז דורך, דו יון מיט דער שפּאַגע! דו זעהסט ניט, ווער סע געהט? — אזוי שרייט איינער און שטופּט זיך דורך מיט גוואַלד, שיט מיט ווערטער אויף די אקטיאָרען: „פייפער", „האָ־לעדראַנעץ", „גרינער אַגרעס", „לעדיגע קישקע"!

איך קוק מיך אַרום: ווער רעדט דאָס? עפּיס זעהר א קענטליכע שפּראַך. איך קוק מיך צו — איך האָב איהם דער־קענט: ס'איז נח דער שווייצאַר פון מיין סטאַנציע „האָטעל טערקאַליא". נאָך איהם שלעפּט זיך א גאַנץ געזינדעל ווייבער, בחורים און מיידלעך.

— ווער איז דאָס ווייבעל? — פרעגט איהם איינער פון די אקטיאָרען.

— דאָס איז מיין ווייבעל. — ענטפערט נח. — דו קענסט ניט מיין שרה־פּערעל? און דאָס זענען מיינע קינדער.

— און דאָס?

— דאָס איז מיין שוויעגער.

— און די דאָזיגע?

— דאָס איז מיין ווייב'ס א שוועסטערל.

— און ווער איז דער יונגערמאַן?

— דאָס איז איהר חתן.

— און ווער איז דאָס מיידעל?

— דאָס איז דעם חתן׳ס א שוועסטער.

— און ווער איז דער בחור?

— דאָס איז דעם חתן׳ס שוועסטער׳ס א חתן.

— און ווער איז אַט דאָס מיידעל?

— דאָס איז זיין שוועסטער, דאָס הייסט, דעם חתן׳ס שוועס־טער׳ס חתן׳ס א שוועסטער.

— א היבשע משפחה ביי אייך, רב נח!...

— זאָלט דיר אין די אויגען, שטיינער דיר אין הארצען! — מאַכט צו איהם נח. — זאָג חאָטש „קיין עין־הרע“, דו אַקטיאָר־טשיק! דו קאָמעדיאַנטשיק! דו בערענטרייבער! דו גאָרגעל־רייסער! דו בולקעשלינגער!...

תיכּף נאָך נח דעם שווייצאַר שפּאַרט זיך דורך דער משרת פונ׳ם האָטעל מיט די גרויסע שטיוועל. איינער פון די צוויי אַק־טיאָרען, וואָס שטעהען ביי דער טיר, דערלאַנגט איהם א זעץ פון הינטען און שטופּט איהם אריין אין טהעאַטער אריין.

נאָך איהם דערזעה איך פערשיעדענע פּאַרשוינען שפּאַרען זיך דורך, מעהרסטענטייל אָהן בילעטען. צווישען די פּאַרשוינען דער־קען איך מיין בעל־הבית פון דעם „האָטעל טערקאַליע“ מיט עפּיס א אידינע זעהר א גראָבע, וואָס געהט, ווי אויף רעדלעך, און קאַ־טשעט זיך, ווי א קאַטשקעלע.

— א? איהר זענט אויך דאָ? — מאַך איך צום בעל־הבית און פערגעס, אז ער איז טויב ווי די וואַנד.

— נישקשה! — ענטפערט ער מיר און שרייט אויף א קול, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געווען דער טויבער. — זיי זינגען קיין מעשה ניט!

— איהר זענט דאָ דאָס ערשטע מאָל? — פרעג איך איהם.

— ס׳איז רב ליפּע׳ס שטאָהל. — מאַכט ער צו מיר. — א גאַנץ יאָהר האַלט מען דאָ בהמות אָדער פערד.

— קום שוין, קום! — רופט זיך אָן צו איהם די גראָבע

אידינע און טהוט איהם א שלעפ ביי דער פּאָלע, און זיי געהען אוועק ביידע און בעזעצען זיך גאַנץ אויבען־אָן.

— הערט נאָר, איהר אַקטיאָרען! וואו זענט איהר ערגיץ? — אַזוי רופט זיך אָן איינע א דאַמע מיט א הוט, מיט א ווייסער פעדער און מיט ברילִיאַנטען, און נעבען איהר שטעהט א קאַוואַליער מיט א קאַפּעליש און מיט א געשוירען בערדעל.

עס שפּרינגט־אונטער איינער פון די אַקטיאָרען, א בחור מיט א קורץ רעקעל, מיט א קויטיג העמד און מיט א הונגעריג פּנים.

— וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען, מאַדאַם?

— וואָס הייסט, וואָס וועל איך זאָגען? — מאַכט צו איהם די מאַדאַם. — מיר האָבען דאָך געקויפט בילעטען. פאַר וואָס ווייזט מען אונז ניט אונזערע ערטער?

דער לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגעריגען פּנים נעמט ביי זיי די בילעטען און פיהרט זיי צו גאַנץ אויבען־אָן און וויל זיי בע־זעצען — זענען פערנומען אַלע בענקלעך.

— זייט זשע מוחל, איהר האָט זיך געזעצט ניט אויף אייערע ערטער! — מאַכט דער אַקטיאָר צו א בחור מיט א מיידעל, וואָס זיצען און קנאַקען ניסלעך פון א שקאָרמוצעל.

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מיר זיצען נישט אויף אונ־זערע ערטער? — זאָגט דער בחור און טהוט זיך זיין ארבייט.

— ווייזט אייערע בילעטען! — זאָגט צו זיי דער אַקטיאָר און נעמט ביי זיי די בילעטען, און ווייזט זיי וואו זיי דאַרפען זיך זעצען, א סך נידעריגער.

— וואָס הייסט — מאַכט דער בחור — איהר וועט אונז זאָגען דעות, וואו מיר זאָלען זיך זעצען? וואָס איז דאָ, להבדיל, א מקום קדוש, א שוהל, צי וואָס?

דער אַקטיאָר לאָזט זיך אריין מיט איהם אין א לאַנגען שמועס. דער בחור מיט'ן מיידעל ריהרען זיך ניט פון די ערטער און קנאַקען ניסלעך. דער לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגעריגען פּנים פּרובט זיך ביי אַלע איבעריגע פּאַרשוינען וואָס אין טהעאַטער, נאָר דאָס גאַנצע

פּובליקום זיצט אויף די ערטער גאַנץ פעסט, קיינער וויל ניט אָפּ־טרעטען, האָטש נעם פיהר ארויס דאָס גאַנצע טהעאַטער מיט גוואַלד.

די דאַמע מיט דער ווייסער פעדער און מיט די בריליאַנטען בייזערט זיך: „וואָס איז דאָס פאַר פּאָריאַדקעס אין כתרילעווקער טרעיאַטער?“ זי שרייט, מע זאָל איהר אומקעהרען דאָס געלד, וואָס זי האָט בעצאָלט פאַר די בילעטען! וואו איז ערגיץ לאָזער גאָראָ־דאָוואָי?!...

עס בלייבט, אַז מע זאָל ברענגען עקסטרא פון איהרעטוועגען צוויי שטוהלען, און עס ווערד אַביסעל שטילער.

ביסלעכווייז ווערען אָנגעצונדען די לעמפּלעך, וואָס רויכערען און לאָזען זיך הערען מיט אַ שאַרפען ריח פון גאַז. איינציגווייז בעווייזען זיך די כלי־זמר ביי דער סצענע, וואָס איז איבערגעצויגען מיט אַ ליילעך. פריהער פון אַלע קומט צו געהן דער באַס, אַ גרויסער איד מיט גראָבע פּאות און מיט בייזע אויגען, ווי ביי אַ גזלן. באַלד נאָך איהם בעווייזט זיך דער קעסעלפּויק, אַ האָרבאַ־טער בחור מיט אויסגעקראָכענע האָר. נאָכדעם קומט דער טראָ־מייטער, אַ נידעריגער איד מיט גראָבע ליפּען, דער פליייטיסט מיט אַ טשאַחאָטקע־פּנים און אַ טרובאַטש מיט גנבה'שע אויגעלעך, וואָס לויפען אַהער און אַהין, און צוויי דריי יונגע לייט מיט פיעדלען; און ערשט אויפ'ן סוף — דער ערשטער פיעדלער, דער עלטסטער פון אַלע כלי־זמר, דער דיריזשער, — אַ רויטער בחור מיט אַ ווייסער פּאַפּיערענער מאַנישקע, מיט אַ קורצען פּידזשאַק, מיט שטאַרק־אָנגעפּאָמאַדעטע האָר און מיט אַ גרויסען בלויען שניפּס. ער שטעלט זיך מיט'ן פּנים צום פּובליקום, קנאַקט־אויס אַלע פינגער און שמיי־כעלט פון דער וויטען צו עפּיס אַ מיידעל מיט ווייסע הענטשקעלעך. די גאַנצע קאַפּעליע זעצט זיך אויס, און מע נעמט זיך אָנשטעלען די אינסטרומענטען. קודם כל טהוט דער דיריזשער אַ קלאַפּ מיט'ן סמיטשיק איבער'ן פּיעדעלע, און דער טראָמייטער מיט די גראָבע ליפּען גיט אַ טאָן, און תיכף נאָך איהם שטעלען אַלע איבעריגע אַ טאָן, און הויבען אָן זיך דורכרעדען אויף זייערע אינסטרומענטען:

דאָס פּיעדעלע פּערגעהט זיך, וויינט און חליפּעט, דער טראָמייט מאַכט „האָלדיר! האָלדיר!“ ווי איין אינדיק, וואָס מע האָט איהם שטאַרק צערייצט, דער באַס בורטשעט־אונטער, ווי אַ בער, און די פלייט פּייפּט זיי אָן אַלעמען. אינאיינעם קומט דאָס אויס אַ מיש־מאַש, ווי פון עטליכע מאות ווייבער אויף אַ יריד, און אַ געפּילדער פון אַ סך גענז און קאַטשקעס.

עס בעווייזט זיך עפּיס איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ גרינער קאַפּאָטע, טראָגט אין איין האַנד אַ פּאַק מיט פּאַפּיערען, אין דער אַנדערער האַנד — אַ האַלבע בולקע מיט אַ שטיקעל הערינג, און זעצט זיך אַנידער גאַנץ אויבען־אָן אויף אַ קליין בענקעלע, אַקעגען דער סצענע, און בייסט־איבער.

— ווער איז דאָס? — הער איך, ווי די דאַמע מיט דער ווייסער פּעדער פּרעגט ביי'ם קאַוואַליער.

— דאָס איז זייער סופליערער. — ענטפערט איהר דער קאַוואַליער.

— וואָס הייסט סופליערער? — פּרעגט איהם ווידער די דאַמע.

— דאָס הייסט: זייער פירזאָגער. — זאָגט דער קאַוואַליער.

און פון יענער זייט לייעלעך רעדען זיך איבער די אַקטיאָרען צווישען זיך פון פערשיעדענע זאַכען:

— וואו איז ערגיץ פראַדעל די פּרימאַדאָנע, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר?

— זי איז געגאַנגען צום שוסטער. זי האָט ניט אין וואָס אַרויסצוגעהן אויף דער סצענע. אָפּגעשפּרונגען איין אָפּצאַס.

— קראַנק געוועזן געהן ביי טאָג? אַ שענע פּרימאַדאָנע!...

— אברהמעל, טהו אויס די הויזען!

— וואָס מאַכען דיר קאַלי מיינע הויזען?

— אַ שענע באַבע יאַחנע — מיט הויזען!...

— איך געה דאָך אויבען אַ קליידעל! וואָס מאַכט דאָס אויס?

— איך וויים, אַז דו טראָגסט אויבען אַ קליידעל. וואָס וועט

אָבער זיין, אז מע וועט דיך ווארפען אין פייער? רעמאָלט פליהסט דו מיט'ן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, — וועט מען ארויס־זעהן די הויזען!...

— געב מיר בעסער א ציה טהון פון דיין פּאפּיראָס, דו פּאַר־כויץ!...

— האָצמאָך! וואו איז דיין באָרד? פּאַר וואָס קלעפּסט ד שוין ניט אָן די באָרד?... רבקה! שמיר דיר אָן דאָס פּנים מיט קרייד!... מנשה'קע! מאַך דיר א האָרב פון הינטען, בכדי ד זאָלסט האָבען מעהר פּנים פון א אידען!... וואו זענען ערגיץ די פּיס?

— וואָסערע פּיס?

— ווער האָט געבראַכט די פּיס פון יאַטקע?... טויזענד מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אז מע שפּיעלט „קאָלדוניא“, באדארף זיין א פּוס!... דער רוח זאָל אייך נעמען! ווערוועל! וואָס ביזט דו פּאַר א רעזשיסער, דו יאָלד איינער?!...

פּלוצים ווערד א קלאָפּעריי אין טהעאַטער, אז מע קאָן טויב ווערען. עס פליהט־דורך איינער מיט א גלעקעל און קלינגט. עס געהט־אוועק עטליכע מינוט, דער עולם הויבט אָן ווידער צו שרייען און צו קלאָפּען. יענער לויפט ווידער דורך מיט'ן גלעקעל, און אזוי עטליכע מאָל, ביז דער רויטער פּיעדלער חאַפּט זיך אויף, טהוט א מאַך עטליכע מאָל מיט'ן קאָפּ ארויף און אראָפּ, מאַכט צו־רעכט דעם קאָלנער מיט'ן בלויען שניפּס, טהוט א זעץ מיט'ן שטעקעלע, און די כלי־זמר שפּיעלען־אָפּ א „שטיקעל“. הויבט דער עולם ווידער אָן צו שרייען און צו קלאָפּען — שפּיעלען די כלי־זמר נאָך „א זאַך“. עס ווערד ניט שטיל, ביז עס הויבט זיך אויף דער ליילעך, און דאָס שפּיעל הויבט זיך אָן.

צום אלעם ערשטען געהט־ארויס א מיידעל מיט איין אונ־טערשט קליידעל און מיט צעפלאָכטענע האָר, גלייך ווי עמיצער וואָלט זי נאָר־וואָס אויסגעפּאַטשט, און הויבט אָן זינגען א טרויעריג ליעדעל פון איין אָרעמער יתומה מיט'ן נוסח פון „סטאָאיט גאָרא וויסאָקאיא! וויסאָקאיא!“ — „א יתומה'לע! א יתומה'לע!“ —

און דאָס גאַנצע פּובליקום האַלט זי אונטער: „אַ יתומה׳לע! אַ יתומה׳לע!“ — פריהער שטיל, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, אַזוי אַז מע הערט שוין מעהר ניט דאָס מיידעל זינגען, נאָר דאָס פּובליקום. שפּרינגט־אַרויס איינער פון די אַקטיאָרען אויף דער סצענע און בעט דעם עולם, „עס זאָל זיין שטיל“! דער עולם ווערד שטיל, אָבער נישט אויף לאַנג; דאָס מיידעל הויבט אָן צו זינגען, אַזוי זינגט מיט איהר גאַנץ קהל: „אַ יתומה׳לע! אַ יתומה׳לע!“...

עס שפּרינגט־אַרויס ווידער אַ מאָל דער אייגענער אַקטיאָר, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז ער געהט־אַרויס פון די כלים און זאָגט זיי מיט׳ן הארבען וואָרט:

— איהר וועט ניט אַנשטומט ווערען? אָט רוף איך אַרויס רב לאָזער גאָראָדאָוואַי מיט דער קישקע, וועט אַ רוח אין אייער טאַטענ׳ס טאַטען אריין!...

דער עולם הערט־אויף צו זינגען, נאָר מע זאָגט מבינות, איט־ליכער נאָך זיין פערשטאַנד. דער זאָגט, אַז זי האָט אַ קול פון אַ „ריקבעט“, און דער זאָגט, אַז עמיצער זאָל איהר אונטערטראָגען אַ בולקע, וואָלט ער פערדיענט אַ מצוה... די הינטערשטע בענק שרייען, ס׳זאָל זיין שטילער! נאָר עס העלפט ניט. ביז עס פליהט־אַרויס אויף דער סצענע האָצמאַך, אַ איד מיט אַ מאָדנע שטריימעל, מיט איין האַלבע באָרד, מיט לאַנגע פּאות כמעט ביז׳ן גאַרטעל, מיט שיך און זאָקען, מיט איבערגעקעהרטע אויגען און מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס. האָצמאַך טראָגט מיט זיך אַ קאָשעק מיט סחורה, לויפט אַרום איבער דער סצענע, ווי אַ משוגענער, און רעכענט־אויס וואָס ער האָט צו פערקויפען: „בייטשעלעך, שטע־קעלעך, שוועבעלעך, מעסערלעך! זאָקען פּאַפּיערענע! קליידלעך קרישטאָלענע! שפּילקעלעך, בייוועלעך! קויפט עפּיס, ווייבע־לעך!“... און טהוט זיך אַלע מאָל אַ חאַפּ ביי די פּאות, אַ שפּרונג און אַ געשריי:

— האָצמאַך! דער רוח זאָל מיך נעמען!...

דער עולם ווערד אזוי נתפעל פון האָצמאַכען, אז עס ווערד אַיין איינלעגעניש אויף אַ האַלבע שעה. מע פּאַטשט בראַוואָ, מע שרייט: „האָצמאַך, הוררא!" מע קלאָפּט מיט די שטעקענס איבער די בענק, מע וויל גאָר נישט אויפהערען. האָצמאַך פּרובט זיך איינשטילען דעם עולם. ער שטעלט זיך אוועק און מאַכט מיט די הענד — הויבט מען אָן נאָך מעהר צו שרייען: „האָצמאַך! אַ טענצעל, האָצמאַך! האָצמאַך!" פּלוצים . . .

פּלוצים האָט עפּיס געגעבען אַ פּאַטש מיט די פליגעל, אַ פליה פון אויבען אראָפּ און אַ פאַל גלייך אויפ'ן הוט מיט דער ווייסער פעדער פון דער דאַמע מיט די בריליאַנטען. די דאַמע הויבט־אָן פאַר שרעק חלש'ען, און אין טהעאַטער ווערד מיט אַ מאָל אַ בהלה מיט אַ געשריי: „גוואַלד, אידען, ראַטעוועט! ראַטעוועט!"... איינער האָט אַ געשריי געטהאָן: „עס ברענט!" — און מעהר האָט מען נישט בעדאַרפט. ס'איז געוואָרען אַ שפּרינגעניש איבער קעפּ צו דער טיר מיט אַ געשריי: „חאַסי, וואו ביזט דו?"... „יענקעל, אהער!"... „רבקה, האַלט זיך!"... „מאָטעל, איך שטאַרב!"... „ברכה, שריי ניט!"... „בעני, וואו איז יענטעל?"... „מאַמע! אָט בין איך, מאָמע!"...

נאָך איין מינוט וואָלט פון אונז אַלעמען געוואָרען אַ תל. אַ גליק, וואָס נח דער שווייצאַר פון מיין האָטעל איז געפאַלען אויף אַ שכל און האָט אונז אַלע אויסגעלייזט פונ'ם טוידט. ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ בענקעל און האָט זיך אָנגערופען צום פּובליקום אויף אַ געמבע:

— שוטים! נאַראָנים! לעהמענע גולמס! גלאַטע בהמות! ציעגענע בערד! נאַרישע גאָרגלען! ווייבערשע נשמות! וואָס פּיל־דערט איהר? וואָס שרייט איהר? וואוהין לויפט איהר? אָט ווערד פון אייך באַלד אַ פּרעזשעניצע! טפשים! פאַר וועמען האָט איהר אייך דאָ איבערגעשראָקען? פאַר אַ נאַריש עוף? איהר זעהט דען ניט, אז איין עוף איז אראָפּגעשפּרונגען פון דער „סידעלע"? רב לאָזער, וואָס שווייגט איהר? שטעלט־אָן די קישקע!... כלי־

זמרים! א רוח אין אייער טאטען אריין, א פריילּיכס — טאָדערי־דעריראָדערידעראָדערידע!...

די כלי־זמר האַפּען א פריילּיכס, און דער עולם הויבט זיך אָן אויסצוזעצען צוריק אויף די ערטער... איך גנב'ע מיך ארוים פאַר־וואָלינקע פונ'ם טהעאטער, האַפּ אביידעל און היים, מע זאָל מיך פיהרען אויף דער סטאַנציע, אין „האָטעל טערקאַליא". דאָס ביידעל העצקעט מיך איבער די שטיינער און שטעלט זיך אָפּ אלע ווײַלע און העצקעט ווייטער.

— וואָס שטעלט איהר זיך אָפּ אלע מינוט? — פרעג איך דעם בעל־עגלה.

— דער רוח ווייסט זיי. — ענטפערט ער מיר. — וויאָ!... עס האָט זיך זיי געגלוסט באַלייכטען אונזער כתרילעווקער בלאָטע, האָבען זיי אויסגעקלעהרט עפּיס א מין באַלייכטונג — „לאַמטע־דערידעמס" אַזעלכע, וואָס איבער זיי קאָן מען נישט פאָהרען, מחמת די פערדלעך שרעקען זיך פאַר די סטאָיפּעס. זיי זענען ניט גע־וואָהנט געוואָרען ביי אונז, מע זאָל זיי באַלייכטען. וויאָ!... אלע מאָל, אלע מאָל, קלעהרט מען צו א נייע צרה: פריהער א טראַמ־בעליק, איינגעזונקען זאָל ער ווערען! וויאָ!... נאָכדעם לאַמטע־דערידעמס אויף צו שרעקען די פערד. און איצטער, זאָגט מען, וועלען זיי שוין פאַרוועהרען דאָס וואַסער פון דער גנילאָפּיאַטקע. וויאָ!... עס וועט זיי, מאָהלט איך, העלפען, ווי א טוידטען באַנ־קעס, מחמת די וואַסערפיהרערס זאָגען, אז זיי זאָלען וויסען דער טוידט זאָל זיי זיין, וועלען זיי ניט דערלאָזען, אז כתרילעווקע זאָל טרינקען ברונען־וואַסער! וויאָ!... זיי ווייסען שוין גאָר ניט וואָס אויסצוטראַכטען, די נגידים, ברענען זאָלען זיי! מע זאָגט, אז עס וואַכסט יאַקבי פון יעהופּעץ. די יעהופּעצער נגידים פעהלט, אפּנים, נאָר קאָפּוועהטיג? וויאָ!... זיי זיצען און ברעכען זיך די מוחות, ווי אזוי נעמט מען צו ביי אידען פרנסה, אויסרייסען ביי'ם אָרעמאַן דעם לעצטען ביסען ברויט פונ'ם מויל... א מיתה מהומה זאָל אויף זיי קומען דאָרטען אין יעהופּעץ! וויאָ, קינדער, וויאָ!...

## .VI

# כתרילעווקער שרפות.

געלעגען אויף דער סטאַנציע אין „האָטעל טערקאַליא“, האָב איך אַ גאַנצע נאַכט געהאַט מלחמה מיט בייזע חיות, וואָס האָבען מיך בעפאַלען, זיך נוקם געוועזן אין מיר, דערפאַר וואָס איך האָב ניט געוואָלט זיך לעגען מיט זיי אין בעט און האָב זיך אויסגעבעט אויף דער קאַנאַפּע.

— וואָס האָסט דו גע'פּועל'ט? — האָבען זיי זיך מיט מיר געריייצט. — אי מיר וועלען דיך בייסען, אי עס וועט דיר זיין האַרט צוקאָפּענס, וועסט אויפשטעהן פון דער קאַנאַפּע אָהן אַ האַלז־און־נאַקען...

פּלוצים דערהער איך אַ משונה־מאָדנע קלונג: באָם! באָם! באָם!!! און תיכף נאָך דעם לאָזט זיך הערען אַ לויפעריי פון מענשען מיט אַ קול: „עס נעצט! עס נעצט!“ איך שטעה־אויף. איך געה־צו צום פענסטער: איין האַלבער הימעל איז רויט, ווי אַ פייער, די אַנדערע האַלבע איז חושך! איין האַלבע שטאָדט איז משונה־מאָדנע בעלייכט, די אַנדערע האַלבע שטאָדט איז פערזונקען אין אַ מורא'דיג פינסטערניש. איך חאַפּ אויף זיך דאָס אָנטהון און לויף אַרוים אין דרויסען. עס לאָזט זיך הערען פון דער ווייטען אַ מאָדנע געשריי, אַ הילך אָהן ווערטער, און מענשען ציהען זיך אַהינצו שלעפעריג, געהען און געהניצען און ציטערען פאַר קעלט און דערצעהלען איינער דעם אַנדערען נסים ונפלאות: ווער עס האָט פריהער דערהערט, און ווי אַזוי ער האָט דערהערט. און זיי זענען זיך משער איטליכער בעזונדער, ווער דאָס ברענט. דער זאָגט: „ס'איז יוסיל!“ דער זאָגט: „ס'איז מנשה!“ דער זאָגט: „ס'איז ניט יוסיל און ניט מנשה — ס'איז שרה־זיסעל!“

— ווי קומט אהער שרה־זיסעל? — שפארט איהם איבער נאך איינער. — אז שרה־זיסעל'ס שטוב איז אויף דער יארדיגע, און דאס איז גאר אויף דער אלטער שטאדט?

— ס'איז אזוי אויף דער אלטער שטאדט, ווי איך בין א רביצין! — ענטפערט איהם נאך איינער. — זעהסט ניט, אז ס'איז נעבען דער באר?

— שא, וואס דארפט איהר זיך שפארען? — גלייכט זיי אוים נאך איינער. — אמעהר קומט אהין, וועלען מיר וויסען אקוראט. זיי געהען, און איך געה זיי נאך און הער מיך צו וואס מע רעדט.

— עמיצער האט שוין דא געמאכט „בורא־מאורי־האש“.

— וואס איז די ראיה?

— מחמת ס'איז געווען געסטראכירט.

— פון וואנען ווייסט דו?

— וואס דען? ס'זאל ניט זיין געסטראכירט, וואלט ניט געברענט. א שטוב ברענט ניט פון זיך אליין.

— וואס זאגסט דו, יענקעל, ווי שען עס ברענט? מחיה נפשות!

ווי א הבדלה ברענט א שטיבעל, ווארפט־ארוים עטליכע שטארק־רויטע צונגען. דער דאך איז שוין ניטא. עס קנאקען די קראקוועס, עס טרישטשען די פענסטער, און א געדיכטער רויך מיט שווארצע קנוילען קייקעלט זיך און ציהט זיך ווייט, ווייט, איבער הייזער און הייזלעך. עס הערט זיך א קול פון ווייבער, וואס בעקלאגען זיך אויף דעם שלאק, וואס זיי האט געטראפען אין מיטען האלבע נאכט, און א געוויין פון קליינע נאקעטע קינדער, וואס ציטערען און ווארעמען זיך ביי'ם פייער. דארט זיצט א גאנץ געזינדעל אויף איין איבערבעט מיט עטליכע קישענס, וואס זיי האבען קוים ארויסגעראטעוועט פון דער שרפה, און דא שטעהט א אידינע, א מעוברת'ע, מיט א טעפעל אין האנד און מיט א פלעדערוויש און דערצעהלט דער אנדערער אידינע, ווי אזוי עס האט זיך אנגעהויבען.

— אָנגעהויבטן האָט זיך עס אָנגעהויבען, וועה איז מיר, פון שמעון דעם סטאָליר. מען איז געגאַנגען, אפּנים, מיט א לעמפּעל, וויסט איז מיר, ביי נאַכט. סטרוזשקעס איז פארהאַן א סך, פּינ־סטער איז מיר, און אפשר א שוועבעלע, אָדער א פּאַפּיראָס, און אפשר האָט דער בעל־הבית אַליין, גדליה מיין איך, דאָס געטהאָן — וויים איך נים; איך בין דערביי ניט געוועזן... נאָר דערוויייל זעגען נעבאַך, אוי איז מיר, אָרעמע לייט בדיל־הדל געוואָרען, ארוים אזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, וועה איז מיר! פּרעגט מיך בחרם, וואָס טראָג איך עפּים א טעפּעל מיט א פלעדערוויש — וויים איך אַליין ניט...

— אוי איין אומגליק!? אוי א שלאַק!? — וויינט א ווײַבעל מיט א ניגון פון „אַקדמות“ און ברעכט די הענד. — וואָס וועל איך איצטער טהון? נישט ארויסגעראַטעוועט אפילו קיין פּאָדע־עם, וואו וועל איך נעמען א טאָג איבערצוקומע־ען? וואו וועל איך מיך אהינטהון מיט מיינע קליינע קינדע־ער?...

ווי שדים, ווי רוחות, לויפען ארוים און אריין יונגע לייט פונ׳ם געברענטען שטיבעל, שפּרינגען אין פייער אריין, ראַטעווען וואָס זיי קאָנען, האַפּען־ארוים פון דאָרטען דער א פיסעל פון א בענקעל, דער איין אומרוהה פון א זייגער, דער א בעזעם.

— וואו איז ערגיץ אלי מיט דער קישקע? — שרייט איינער פון דער חברה לעשערם און קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען.

— איך בין דאָ, איך בין דאָ! — רופט זיך אָן אלי, א קליין אידעל, און באַברעט זיך ביי דער קישקע.

— וואָס טהוסט דו דאָרטען? וואָס באַברעסט דו זיך אזוי לאַנג?

— איך פאַרנעה די קישקע, זי האָט זיך צעטרענט! — זאָגט אלי.

— וואו איז ערגיץ פישעל מיט די עמערס? — שרייט איינער א שווארצער איד מיט א צעפּליקטען טלית־קטן, מיט א פעררויכערט פּנים און מיט א הייזעריג קול.

— פישעל! פישעל!!! — העלפען איהם שרייען אלע אי־בערינגע.

— וואס פישעלט איהר? — רופט זיך אן איינער, אפנים, פישעל אליין טאקי. — זעה־נאר, ווי זיי האבען זיך דאס אביסעל צעפישעלט! פישעל־פישעל! פישעל־פישעל!

— וואו זענען די עמערס דיינע? — פרעגט מען איהם.

— די עמערס זענען דא, — זאגט פישעל, — נאר וואס וועט איהר מאכען מיט זיי, אז ס'איז נאך נישטא גרונם מיט'ן פעסעל?

— טאמער וואלסט דו זיך מטריח געווען, פישעל, דערוויילע חאפען ערגיץ א פאר עמער וואסער צווישען די שכנים?

— וואס איז עפּים איך? — זאגט פישעל. — לאז געהן אלי!

— אלי! חאפּ איין עמער און טהו א שפּרונג נאך וואסער!

— ווי קאן איך? זעהסט דאך, אז איך בין פארנומען מיט דער קישקע! לאז געהן מאטעל.

— מאטעל! געה קריג ערגיץ איין עמער וואסער.

— וואוהין זאל איך געהן, אז איך קען דא קיינעם ניט? לאז געהן אנשעל!

— אנשעל! אנו, טהו־נאר א לויף נאך וואסער!

— איך? איך וויים ניט וואו א טיר עפענט זיך אפילו! לאז געהן דוד!

— שא, שא! אן פאהרט גרונם מיט'ן פעסעל! ער פאהרט! ער פאהרט! — און אלע טהוען זיך א וואַרף צו גרונמ'ען נאך וואסער, און פריהער פון אלעמען — אלי מיט דער קישקע. גרונם, א איד מיט א גלאנצענדיג פנים, וואס סע שיילט זיך, געהט זיך גאנץ רוהיג, נישט געהאפּט, די פּאלעס ארונטערגעשטעקט ארונטער, און נאך איהם שלעפּט זיך נאך איין איינגעדארט פערדעל, קוים וואס סע שלעפט די פים פון דער בלאטע.ביידע, אי גרונם, אי דאס פערדעל להבדיל, זענען שטארק פערשלאפען.

— ברוך־הבא א איד! און מיר האבען געמיינט, אז איהר וועט שוין היינט ניט זיין חלילה.

— אַ שענע מעשה נאָר אַ קורצע! — זאָגט גרונם. — ווער דען וועט זיין, אַז ניט איך? וואָס בין איך, עפּיס אַ יונגעלע? איך האָב דערהערט דעם ערשטען קלונג, בין איך שוין געווען ביי'ם פּערדעל. מיין אַלטע האָט מיך אפילו געוואָלט אָפּהאַלטען: וואָס וועסט דו זיך שלעפּען, זאָגט זי, אין אַזאַ בלאָטע? אַ רחמנות נעבאַך, זאָגט זי, אויפ'ן פּערדעל, ס'איז אויסגעמוטשעט פונ'ם טאָג... נאָר ווער האָרכט זי ווער? איך האָב ליעב אַ מצוה, ובפרט נאָך דאָרט, וואו עס געהט אין דעם נפש — אָרעמע לייט נעבאַך ברענען! אַ קלייניגקייט?

— לאַנג לעבען זאָלט איהר, רב גרונם! מיר געהען דאָ אויס פאַר אַ ביסעל וואַסער — ביי אַלע שכנים נישטאָ אַ לעק!

און די חברה לעשערם טהוען זיך אַ לאָז מיט די לעדיגע עמערס צום פּעסעל, און פריהער פון אַלע — אלי מיט דער קישקע. חברה נעמען זיך אָנפּאָמפּען וואַסער, צאַפּען אין די עמערס אַריין — עס צאַפּט זיך ניט.

— וואָס איז דאָס, רב גרונם? איהר זענט משוגע, צי חסר־דעה? איהר זענט געקומען מיט אַ לעדיג פּעסעל.

— וואָס הייסט מיט אַ לעדיג פּעסעל? — זאָגט גרונם. — אַ פול פּעסעל, ווי איין אויג, — זאָגט איהר גאָר דאָס!

— געהט זעהט! — רופט זיך אָן איינער. — דאָס פּעסעל איז לעדיג, ווי אַ באַראַבאַן!

— וואָס הייסט ס'איז לעדיג? — זאָגט גרונם און בעטראַכט דאָס פּעדעל. — עפּיס רעדט איהר מיר פּדרוך, תרגום־לשון, נאַ דיר גאָר לעדיג! לאָז מיינע שונאים זיין לעדיג אין בויך און אין די קישקעס!

און גרונם קלינגט מיט'ן פינגער אין פּעסעל אַריין, דרעהט זיך אַרום פון אַלע זייטען און דערזעהט, אַז ס'איז אָהן אַ צאַפּען.

— יאָ, ווי איך בין אַ איד, אַ לעדיג פּעסעל! — און ער חאַפּט זיך ביי'ם קאָפּ און הויבט אָן צו שעלטען — מע וויים ניט ועמען:

— א חלירע! א מיתה־משונה! איין אויסלויפעניש! איין איינטריקעניש! איין איינשרומפעניש! ווען האָט געקאָנט ארויס דער צאַפּען, איינגעזונקען זאָל ער ווערען? און וואו איז ער אהינגעקומען? א, ברענען זאָלסט דו, שלים־מזל, אויפ'ן פייער!

און גרונם לאָזט־אויס זיין גאַנץ ביטער האַרץ צום פּערדעל נעבאַך, דערלאַנגט דעם א רוק מיט'ן בייטש־שטעקעל אין זייט אריין. דאָס פּערדעל מהוט א פינטעל מיט די אויגען, לאָזט־אראָפּ די מאָרדע, קוקט אָן א זייט און טראַכט זיך: „פאַר וואָס קומט מיר, אשטייגער, אָט דער זעץ? גלאַט גענומען און געבוּבעט זיך! ס'איז ניט קיין קונץ נעמען א פערד, א שטומע צונג, און שלאָגען איהם אומזיסט און אומנישט!“...

— האָב דיר אכציג שווארצע פינסטערע יאָהר! — זאָגט גרונם צו זיך אליין. — איך זעה וואָס דאָס איז: איך גיס און גיס, און גיס און גיס! אצינד פארשטעה איך שוין: דאָס פעסעל איז, אפנים, פון דער לכתחילה געוועזן אָהן א צאַפּען? קומען זאָל אויף דיר א פּאָהיבעל הייגטיגע נאַכט! זאָלסט צעפּאַלען ווערען אויף שטיקלעך, רבונו־של־עולם!

— וואַסער! וואַסער! — שרייען די וואָס ראַטעווען פון דער שרפה. — גיכער! גיכער! טראָגט אהער די עמערם! דאָס וואַסער!

— וואָסערע עמערם? וואָסער וואַסער? — ענטפּערען זיי ני לעשערם. — איהר זעהט דאָך, אז ס'איז נישטאָ קיין טראָפּען וואַסער!

— וואָס הייסט, עס איז נישטאָ קיין וואַסער?

— נישטאָ קיין וואַסער הייסט, אז ס'איז נישטאָ קיין וואַסער!

— וואו איז אהינגעקומען דאָס וואַסער?

— אויסגעלאָפען ביי גרונמ'ען דאָס גאַנצע פעסעל וואַסער — און נעה שריי חי וקיים!...

פּלוצים לאָזט זיך הערען ווידער א מאָל יענער מאָדנער קלונג: באָם! באָם!! באָם!!! — און עס ווערד בעלייכט די אנדערע האַלבע שמאָדט.

— נאָך אַ שרפה! אויף דער נייער שטאָדט!! — שרייען עטליכע קולות מיט אַ מאָל, און דער גאַנצער עולם מיט דער חברה לעשערס לאָזען זיך לויפען אויף דער נייער שטאָדט.

— צוויי שרפות אין איין נאַכט — זאָגט גרונם צו זיך אַליין — בין איך שוין ניט מחויב! איך האָב אַליין אַ ווייב און קינדער! קיין געצאָהלט דערפאַר נעם איך דאָך נישט, וויל איך — פיהר איך, וויל איך ניט — פיהר איך ניט! און דאָס פערדעל איז אויך נישט פון אייזען! אַ צער בעלי־חיים, עס האָרעוועט זיך נעבאָך אַ גענוג דורכ'ן טאָג, באַדאַרף עס נאָך אַרומשלעפּען זיך גאַנצע נעכט! עס האָט מעהר נישט וואָס צו טהון!... מע וועט מיך ניט נויטען פון קהל!... לאָזען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט!... קום, ברודער, — זאָגט ער צום פערדעל — לאָמיר פאָהרען אהיים.

## .VII

# כתרילעווקער באַנדיטען.

געקומען אהיים פון די שרפות שוין פארטאָגליך און אויפגע־עפענט די טיר פון מיין חדר, בין איך נבהל ונשתומם געוואָרען: איך האָב דערזעהן דריי מאָדנע פארשוינען, נישט קיין בעקאַנטע פנימ׳ער, דרעהען זיך ארום מיט א ליכט. דאָס בעט איז צעוואָר־פען, די שאפע איז אָפען, מיין טשעמאָדאַנטשיק ליגט אין מיטען שטוב, און מיינע פאפיערען, מיינע כתבים, וואלגערען זיך אויף דער ערד.

— וואָס איז דאָס? ווער זענט איהר? וואָס טהוט איהר דאָ? — טהו איך א פרעג ביי איינעם, א אידען מיט א רויטער באָרד און מיט א בלויער בראָדעווקע אויף דער נאָז.

— זייוו איהם א סעמער, לאָז איהם סארוי די נמשה! — רופט זיך אָן איינער אויף א משונה־מאָדנע לשון צום רויטען מיט דער בלויער בראָדעווקע.

דער רויטער ענטפערט ניט דאָס אנדערע וואָרט; ער פער־שליסט די טיר, בויגט זיך אָן און שלעפּט־ארויס פונ׳ם שטיוועל א גרויסען, א שארפען, א קאָלאָדאטשמעסער און טהוט אַ מאך מיט׳ן מעסער מיר איבער׳ן פנים הין און צוריק, ארויף און אראָפּ, ווי א כישופמאכער.

— ווער מיר זענען? מיר זענען היגע באנדיטען! — רופט זיך אָן צו מיר איינער פון דער חברה, א שווארצער איד מיט א בעלמע אויף איין אויג, און בשעת ער רעדט אוים דאָס וואָרט „באנדיטען“, טהוט ער מיט׳ן געזונדען אויג א מורא׳דיגען גלאנץ און א קריץ מיט די צייהן, ווי א רוצח.

— טהו איהם א לייסטער ביי די שעקענים! — רופט זיך אָן יענער אויף זייער איבערגעקעהרטער שפּראַך.

— רענגי! דאוואי רענגי!! — שרייט־אויס דער דריטער פון דער חברה, א הויכער איד מיט א הייזעריג קול, און חאַפּט מיך אָן ביי דער לאַץ פון דער קאַפּאָטע און טרייסעלט מיך, ווי א לולב.

— געלט — זאָג איך — ווילט איהר? ביי מיר ווילט איהר נעמען געלט? ווי קום איך צו געלט? גאָט האָט מיך אויסגעהיט פון געלט.

— גאָז איהם, אז ער גיילט! — רופט זיך אָן יענער אלץ אויף זייער לשון.

— דו לייגסט! — מאכט צו מיר דער וואָס מיט דער בעל־מע. — די מינוט זאָלסט דו אָפּגעבען דאָס גאַנצע געלט, וואָס דו האָסט, אניט — געזעגען זיך אָפּ מיט'ן לעבען. מיר שענקען דיר צוויי מינוט אויף צו באַטראַכטען זיך און איין מינוט אויף זאָגען ודוי...

און בכדי איך זאָל ניט מיינען, אז מע טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס, נעהט צו מיר צו דער רויטער, וואָס מיט דער בראָדעווקע, און בעווייזט מיר מיט'ן מעסער ארויף און אראָפּ, אהין און אהער, עטליכע מאָל, ווי מע מאַכט מיט'ן לולב סוכות צו הלל.

— וואָס טהעשט איהר, ווי די מיילענע לוגמס? לאָז מען איהם ניבדען די טהען מיט די סיף! — רופט זיך אָן דער הייזע־ריגער אויף זייער פערשטעלטער שפּראַך און לאָזט אוים אויף אונ־זער לשון:

— וואו זענען ערגיץ די שטריק? לאָמיר איהם בינדען!

— למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? — זאָג איך. — אמעהר, נאַט אייך אָפּ מיין גאַנץ פאַרמעגען, דאָס בייטעלע מיט די עטליכע קערבלעך, און לאָזט מיך אָפּ. וואָס האָט איהר צו מיר? איך בין א טאַטע פון קינדער, קיין עין־הרע, פיער מיידלעך מיט צוויי יונגלעך, דאָס קלענסטע איז נאָך נישט אלט קיין חודש...

אלע דריי באנדיטען רעדען זיך איבער איינער מיט'ן אנדערען אויף זייער גנבה'שער שפראך, צעהלען איבער די עטליכע קערבלעך, וואס ביי מיר אין בייטעלע, און נעמען מיך אויפ'ן צימבעל. זיי פרעגען מיך און איך ענטפער זיי.

— פון וואנען איז א איד?

— פון יעהופעץ.

— מה שמכם?

— שלום־עליכם.

— עליכם שלום. ווי אזוי איז אייער נאמען?

— שלום־עליכם.

— עליכם שלום. מיר פרעגען אייך, ווי אזוי רופט מען אייך?

— שלום־עליכם — אזוי רופט מען מיך טאקי.

— א טשודנער נאמען! וואס איז אייער טהועכץ?

— איך בין א שרייבער.

— מע שמועסט, וואס איז אייער טהועכץ, אייער פרנסה?

— איך בין א שרייבער.

— וואס זשע שרייבט איהר? פראשעניעס? פאפיערען? מסירות?

— פעליעטאנען, מעשה־ביכלעך פאר אידישע קינדער.

— זענט איהר, הייסט דאס, א מוכר־ספרים'ניק, א בעל־מחבר?

— א מחבר.

— וואס זשע טהוט איהר היע?

— נעקומען אנקוקען כתרילעווקע.

— און מעהר גאר נישט?

— מעהר גאר נישט.

— קיין שום געשעפט?

— קיין שום געשעפט.

— און לעגט הוצאות?

— און לעג הוצאות.

— צו וואָס נוצט דאָס אייך?

— בכדי איך זאָל האָבען וואָס צו באשרייבען.

— וואוהין שרייבען?

— אין די גאזעטען.

— וואָסערע גאזעטען?

— אידישע גאזעטען.

— פארהאַן אידישע גאזעטען?

— ווי דען?

— וואָס טהוען זיי?

— זיי דרוקען זיך.

— וואו דרוקען זיי זיך?

— אין ווארשאָ.

— אויף וואָס דארף מען זיי?

— אויף צו לייענען.

— ווער לייענט זיי?

— אידען.

— עמיצער צאָהלט אייך עפּיס דערפאר, וואָס איהר שרייבט?

— נעוויינטליך.

— אָט אזוי זשע רעדט! וואָס, אשטייגער, האָט איהר דערפון? וויפיעל פארדיענט איהר א וואָך?... איהר רויכערט? וואו זענען אייערע פאפּיראָסען?

איך נעם־ארויס מיין פאפּיראָסקאסטען און טראָג זיי אונטער אלעמען, זיי זאָלען זיך נעמען צו פאפּיראָסען.

— גרעף איהם, צי ס'איז פון ביזלער... — רופט זיך אָן איינער אויף זייער שפּראך.

— א זילבערנער? — מאכט צו מיר דער, וואָס מיט דער בעלמע, און וועגט דעם פאפּיראָסקאסטען אויף דער האנד. — א זילבערנער, צי א פּראָסטער חי־וקיים?

— א פּראָסטער שלש־סעודות פון צוויי גילען! — זאָג איך, און מיר פעררויכערען אלע צו פאפּיראָסען.

— טהו איהם א פּאַט בײ׳ם נייזער! — רופט זיך אָן איינער אויף גנבה׳ש לשון.

— וואו איז אייער זיינער? — מאַכט צו מיר דער, וואָס מיט דער בעלמע, און בעזוכט מיר אַלע קעשענעס. — איהר האָט גאָר נישט קיין זיינער?

— איך האָב — זאָג איך — א זיינער, און דווקא א גוטען זיינער, א גילדענעם, איז ער פאַרזעצט אין לאָמבאַרד אין יעהופּעץ...

— איין עבירה! — זאָגט דער הייזעריגער. — ער וואָלט אונז שטאַרק צונוץ געקומען אַצינד!... מיר דאַרפען טאַקי איצט א גילדענעם זיינער, ווי אין לעבען אריין!

— אויף וואָס דאַרפט איהר דאָס אַזוי — זאָג איך — א גילדענעם זיינער?

— א גילדענעם זיינער — זאָגט ער — קאָן מען פאַרקויפען און אָפּלעזען גוטע געלט!

— פּאַחט איהם דער טאַוועגכאַמער! — רופט זיך אָן איינער אויף זייער לשון. — ער איז א מאָרעגאַם גלייך מיט אונז!...

— א גוטע נאַכט! — מאַכען צו מיר די באַנדיטען און לאָזען זיך געהן. — דאָס אַנדערע מאָל, אז איהר געהט אוועק, זאָלט איהר פאַרשליסען די טיר, נישט פאַרלאָזען זיך אויפ׳ן אויבערשטענ׳ס נסים און אויפ׳ן יושר פון כתרילעווקער גנבים... האָט קיין פאַר־איבעל ניט, וואָס מיר האָבען אייך אפשר דעקוטשעט.

— אדרבה! — זאָג איך. — האָט איהר קיין פאַראיבעל ניט, וואָס אַזוי ווינציג... — און איך וויל זיי אַרויסבעגלייטען אויף יענער זייט טיר, רופט זיך אָן צו מיר דער הייזעריגער, לעגט־צו א פינגער צום מויל און ציהט־אויס מיט׳ן ניגון פון „קאָלדוניא“:

— פּתח שין — ששששאַ־אַ־אַ־אַ־אַ!...

און דער רויטער, וואָס מיט דער בראָדעווקע, נעמט־אַרויס דאָס מעסער און טהוט א מאַך מיט דעם איבער׳ן קאָפּ עטליכע

מאָל, ווי איינער רעדט: „טאָמער טהוסט דו חלילה א פּיפּס, איז דיין לעבען קיין לעבען ניט!“...

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

— גוואלד! גוואלד! גוואלד! אידען, ראַטעוועט! — האָב איך מיך צעשריגען ניט מיט מיין קול, וויבאַלד די באַנדיטען זענען אוועק, און איך האָב אויפגעוועקט די גאַנצע שטוב. מען איז זיך צענויפגעלאָפען פונ'ם גאַנצען האָטעל; ווייבער זענען אראָפּגע־שפּרונגען פון די בעטען אין אונטערשטע קליידלעך, און מאַנס־בילען — מחילה, אין איינע תחתונים. מע האָט געמיינט, אַז עס ברענט.

— ווידער א שרפה?

— ווידער געברענט?

— וואו ברענט?

— ווער ברענט?

— שא, שא, קיינער ברענט ניט! — איז ארויס נח דער שווייצאַר מיט זיין שפּראַך און רופט זיך אָן צו מיר:

— וואָס האָט איהר זיך, למשל, צעשריגען, ווי א משוגען קעלבעל? וואָס גוואַלדעוועט איהר, ווי אין א מאַהנהויז? איהר וועט חלילה אויפוועקען אלע אקטעיורען!...

— גזלנים! — זאָג איך. — רוצחים! באַנדיטען זענען מיך באַפּאַלען נאָר־וואָס און מיך באַנומען!

דערהערט „גזלנים“, פאַלט־אָן אויפ'ן גאַנצען עולם א פּחד, און עס ווערד א ליאַרעם, א גערעדעריי פון אלע מיט א מאָל:

— גזלנים?

— וויפיעל גזלנים?

— דריי גזלנים!

— וואָס פאַר א פּנים האָבען זיי?

— צוויי יונגע, איינער איין אלטער!

— גענאַנגען מיט מעסערס?

— למאי האָט איהר געשוויגען?

— איהר האָט מורא געהאַט שרייען?

— נאַט אייך גזלנים! גאָט זאָל שומר ומציל זיין!...

— נעכטען געווען אינ'ם אנדערען הויף אויף גזלנים... געשטיקט א אידינע, ארויסגעטראָגען די בריקלעך, געפונען אין אייזען...

— מסוכן איבערבלייבען איינער אליין אין שטוב...

— מע וועט שוין באלד דארפען אנטלויפען פון כתרילעווקע!

— נא דיר גאָר גזלנים, טאָמער איז קארג!...

— חאַפּט זיי! חאַפּט זיי! חאַפּט זיי! — הערט זיך פלוצים פון דרויסען א קול פון א נקבה און א געלויף מיט א קלאַפּעריי פון א סך מענשען. — חאַפּט זיי! חאַפּט זיי!

— געחאַפּט!

— איינעם געחאַפּט! צוויי געחאַפּט!...

— בינדט זיי! האָסט שוין דעם דריטען אויך? בינדט איהם! בינדט איהם!...

— פּאַוואָלי בינדט, ניט פאר'ן קאָפּ, פאר די פיס, פאר די פיס!...

— זעלדע! גיב מיר דיין פאַטשיילע, זעלדע!

— אָה, איהר האָרכט? מע האָט זיי געחאַפּט! — רופט זיך אָן צו אונז נח דער שווייצאַר און לאָזט זיך לויפען מיט א לאַנטערנע אין דרויסען ארויס, און מיר אלע — נאָך איהם.

— נו, וואָס הערט זיך? — שרייט נח אין דער פינסטער אהין, פון וואַנען עס געהען די קולות. — שוין געחאַפּט?

— געחאַפּט, געחאַפּט! — ענטפערט איהם א קול פון א נקבה אין דער פינסטער.

— און געבונדען?

— געבונדען, געבונדען!

— אַלע דריי?

— אַלע דריי, אַלע דריי!

— אנו, לאָמיר זיי חאַטש אָנקוקען, וואָס פאַר א פּנים זיי האָבען! — מאַכט נח דער שווייצאַר און רופט מיט זיך דעם גאַנצען עולם, און מיר געהען־צו נאָהענט מיט דער לאַנטערנע צו די געחאַפּטע גזלנים, און מיר דערזעהען אויף דער ערד ליגען דריי געפּענטעטע... אינדיקעס!

די אינדיקעס האָבען אראָפּגעלאָזט די בלויע שנאָבלען, בלאָזען מיט די נעזער און בליצלען מיט די אויגלעך אויף דער שיין פון אונזער לאַנטערנע, און די ווייבער, האַלב־נאַקעטע, דערצעהלען אונז נסים ונפלאות, ווי אַזוי די אינדיקעס זענען ארוים פון שטייג, מע ווייסט ניט ווי אַזוי: צי גנבים, צי א טחויר איז דורכגעלאָפען און האָט זיי איבערגעשראָקען, — נאָר דאַנקען גאָט, וואָס מע האָט זיי געחאַפּט, אַניט — וואָלט געווען חלילה א היזק פון מי יודע וויפיעל!...

— טפו זאָלט איהר ווערען, כתרילעווקער קורעלאַפּניצעס! — זאָגט נח און בטל׳ט־אויס אויף זיי אַלע בייזע ווייסטע חלומות. — א רוח אין אייער אינדיטשקעס־געגנז־קאַטשקעס־פּלעדערווישען אריין!...

און נח דער שווייצאַר הערט ניט אויף צו שיטען מיט זיינע געקליבענע, שאַרפע, פּערשפּיצעלטע ווערטער, און דער עולם הויבט אָן ביסלעכווייז זיך צעגעהן, מיט א געהניץ, איטליכער אין זיין רוה אריין.

איך בלייב שטעהן איינער אַליין, אין מיטען דער בלאָטע, פּער־טומעלט פון דער נאַכט מיט איהרע פּחדים, מיט איהרע בהלות. א נאַסע קעלט נעמט דורך מיין לייב, דורך־און־דורך. ערטער־ווייז בעווייזט זיך א פייערל אין די פענסטער. פון א פּאָר קוימענס

ציהט זיך אַ בלוי רויכעל. פון אַ זייט הימעל בעווייזט זיך אַ העלער פּאַס. פון עטליכע ערטער הערט זיך אַ קרעהען פון העהנער, וואָס שטעלען־אָן זייע־רע העלזער און שרייען אויף אַלערליי קולות און פערשיעדענע נוסחאות: קו־קו־רי־קו־או!...

עס שאַריעט אויף טאָג.

# כתרילעווקער מושב־זקנים

אלסדינג פראָגרעסירט אויף דער וועלט, געהט פאָרווערטס. עס פראָגרעסירט אויך אונזער כתרילעווקע.

כתרילעווקע האָט זיך א שטארקען רוק געטהאָן די לעצטע צייט. אזוי, אז איהר וועט קומען צו פאָהרען אהין אצינד, וועט איהר זיין ערשטוינט. איהר וועט קוקען און וועט זיך נישט קאָנען זאַט אָנקוקען. איהר וועט דערזעהען אין מיטען שטאָדט, סאמע אין דער רעכטער בלאָטע, א גרויסען, א ברייטען, א הויכען מויער פון געלע ציגעל, מיט אייזען געדעקט און מיט א סך, א סך פענס־טער, מיט א שענער הויכער געשניצטער טהיר, און אויבען, איבער דער טהיר, צוגעשלאָגען א ווייסער מארמאָר־שטיין, אויסגעקריצט מיט גרויסע גאָלדענע אידישע בוכשטאבען:

מ ו ש ב ־ ז ק נ י ם.

איהר שטעהט און קוקט אויף דאָס דאָזיגע בילד, און עס דאכט זיך אייך אויס, אז עס האָט דעם אָנבליק פון א טייערער סאמעטע־נער לאטע אויף איין אלטער פערגרינטער ליוסטרינענער צעריסע־נער קאפאָטע. וואָס איז דאָס פאר א מין פרעכטיגער „מושב־זקנים" אין מיטען דרינען אין דעם אָרעמען־אָרעמען כתרילעווקע? וואָס איז דאָס — עמיצען אויף צו־להכעים? אָדער א ליצנות? אָדער גאָר עמיצענ'ס א טעות? אָט וואָס מע האָט מיר דערצעהלט דאָס לעצטע מאָל, אז איך בין געוועזען דאָרט אויף קבר־אָבות.

דאָס איז געוועזען אין דער צייט, וואָס מע האָט געזאָלט דורכ־פיהרען דורך כתרילעווקע א באהן. עס זענען אראָפּגעקומען פון

מאָסקווע מיני מאָדנע בעשעפענישען: אינזשענערען, גאָסענמעס־טערס, ערדשניידערס וכדומה אזעלכע פּאַרשוינען, און ועל כולם — איינער אַ פּאָדראַטשיק, אַ יונג מיט ביינער, און דווקא אַ „אונזערי־גער“. דעם נאָמען זיינעם ווייסט מען עד היום נישט. אפשר איז דאָס פּאָליאַקאָוו׳ס אַ „מענטש“, און אפשר טאַקי פּאָליאַקאָוו אַליין. נאָר אַז ער איז אַ גביר איין אדיר, אַ מיליאָנשטשיק — דאָס האָט אַ מינדסט קינד אויך געקאָנט אַרויסזעהען. וואָרום ווער וועט זיך עס פערגינען שטעהן איין מענש אַליין אין צוויי חדרים, פּרעסען היהנער, זשליאָקען וויין אין מיטען מיטוואָך און מאַכען קוצעניו־מוצעניו מיט׳ן בעל־אכסניה׳ס יונגערע שנור, די הולטייקע? (זי טראָגט אייגענע האָר בפרהסיה און האָט פיינט דעם מאַן — אַלע ווייסען דאָס).

אין יענער צייט האָט זיך אונזער אַלטער בעקאַנטער, דער רב רב יוזיפעל, אַרומגעטראָגען מיט אַ מחשבה: אַוועקשטעלען אין כתרילעווקע אַ „מושב־זקנים“ פאַר אַלטע קראַנקע אָרעמע לייט. וואָס עפּיס גראָד אַ „מושב־זקנים“? פאַר וואָס נישט קיין „בקור־חולים“? הויבט זיך אָן אַ מעשה פון קשיות פרעגען! ער זאָל זיך געוועזן נעמען פאַר אַ „בקור־חולים“, וואָלט איהר פרעגען: פאַר וואָס נישט קיין „מושב־זקנים“? איך בין אייך ערב, אַז אַ זייטיגע מחשבה: טאָמער האָט דאָ חלילה רב יוזיפעל געהאַט אַ מיין, אַ טובת־הנאה פאַר זיך אויף דער עלטער — איז דאָ זיכער נישט געוועזן. רב יוזיפעל איז געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אַז אויף איין אַלטען מאַן און אַ קראַנקען איז מעהר רחמנות, ווי אויף אַ יונגען. דאָס הייסט, אַ יונגער חולה איז אויך אויף גרויסע צרות. נאָר אַז מען איז קראַנק און נאָך אַלט דערצו, איז מען גאָר איבעריג ביי דער וועלט. איבעריג און נמאָס. אַ מענש האָט פיינט איין אַלטען מאַן אַ זקן — דאָס איז בדוק ומנוסה.

הכלל, ס׳איז ביי איהם געבליבען איין מאָל פאַר אַלע מאָל: כתרילעווקע מוז האָבען אַ „מושב־זקנים“. אַ „מושב־זקנים“ איז בילכער פון אַלסדינגג. און בכדי אַלע זאָלען פערשטעהן, ווי ווייט

ס'איז נויטיג א „מושב־זקנים" אין כתרילעווקע, האָט רב יוזיפעל שבת בייטאָג אָפּגעהאַלטען א דרשה אין שוהל, דערצעהלט זעהר א שענעם משל: „אמאָל איז געווען א מלך, האָט ער געהאַט א בן־יחיד..." נאָר ווייל מיר האַלטען אין מיטען א שמועס, ווילט זיך מיר ניט אריינמישען איין מעשה אין דער אַנדערער. לעגען מיר אָפּ רב יוזיפעל'ס משל אויף איין אַנדערש מאָל. איך קאָן אייך נאָר זאָגען, אז דער משל איז אפשר נישט געווען אַזוי גלייך צום נמשל, נאָר דער עולם האָט געלעקט פון איהם די פינגער, ווי פון אַלע משלים, וואָס רב יוזיפעל פּלעגט זיי דערצעהלען. הלואי וואָלט רב יוזיפעל געווען אַזא בריה אויף צו פערדיענען זיך דאָס שטיקעל ברויט, ווי ער איז געווען א מאַדים אויף צו זאָגען משלים.

אויסגעהערט דעם משל, רופט זיך אָן צו איהם איינער א בעל־הבית, — פון די נכבדים, געוועהנליך, וואָרום ווער דען וועט זיך איינשטעלען אַרויסטרעטען קעגען א רב פאר איין עדה מיט אידען?

— יאָ, רבי, איהר זענט אודאי זעהר גערעכט. דער משל איז זעהר א שענער משל. די קשיא איז נאָר: וואו נעמט מען געלט? א „מושב־זקנים" דאַרף קאָסטען געלט, און כתרילעווקע איז א שטאָדט פון סאַמע כתריליקעס, אָרעמע לייט, קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים...

— ע! איך וועל דיר דערצעהלען, קינדעניו, דערויף אויך א משל. אמאָל איז געווען א מלך... האָט ער געהאַט א זוהן א בן־יחיד...

הכלל, וואָס דער מלך האָט געטהאָן מיט זיין בן־יחיד — דאָס איז נישט וויכטיג. וויכטיג איז דאָס, וואָס אונזער רב יוזיפעל האָט אויף מאָרגען, זונטאָג, גענומען צוויי בעלי־בתים פון די „פּאָר־נעמסטע" און איז אַרויסגעקומען מיט א פּעטשיילע אין מאַרק, גענומען געהן פון קלייט צו קלייט, פון שטוב צו שטוב — דער אַלטער מנהג אין כתרילעווקע אויף צו „מאַכען געלד". פערשטעהט זיך, אז קיין גרויסע קאַפּיטאַלען קאָנען דערפון נישט ווערען. רב יוזיפעל האָט אָבער צייט. ער קאָן בעשטעהן, עס זאָל געדויערען

נאָך א וואָך. רוים איז נישט געבוירען געוואָרען אין איין טאָג. וואָס זאָל מען טהון: נעבאָך א שטאָדט פון קבצנים! דער גאַנצער אַרויסקוק איז אויף די פּרעמדע, די סוחרים, וואָס קומען אַראָפּ קיין כתרילעווקע, אָדער גלאַט אַזוי דורכפאָהרער, וואָס שטעלען זיך אָפּ אויף די אכסניות. דאָרט אַז מע דערטאַפּט אַמאָל אַ פויגעל, פליקט מען איהם אַרום אַזוי, אַז ער פערזאָגט אַ צעהנטען: „אַז איהר וועט פאָהרען פערביי כתרילעווקע, זאָלט איהר דאָס אויסמיידען אַ מייל אַרום און אַרום — ס׳איז נישט אויסצושטעהן פון די דאָרטיגע אָרעמע לייט!“...

דערהערט, אַז ס׳איז געקומען צו פאָהרען פון מאָסקווע אַ איד אַ פּאָדראַטשיק, פּאָליאַקאָוו׳ס אַ „מענטש“, אָדער אפשר פּאָליאַקאָוו אַליין, אַ גרויסער מיליאָנשטשיק, — האָט זיך רב יוזיפעל אָנגעטהאָן שבת׳דיג, גענומען אויף זיך דעם טיזליק מיט׳ן שטריימעל, וואָס האָט זיך עפּיס נישט געפּאַסט צום גרויסען וואָכעדיגען שטעקען, וואָרום ממה־נפשך: איז דאָס שבת — ווי קומט אַהער אַ שטעקען? איז דאָס אין דערוואָכען — וואָס עפּיס אַ שטריימעל?... פערענטפערט איז די קשיא געוואָרען ערשט דעמאָלט, אַז רב יוזיפעל האָט מיטגענומען מיט זיך די צוויי פיינסטע בעלי־בתים און איז אַוועק מיט זיי גלייך אויף דער אכסניה, צום רייכען פּאָדראַטשיק.

איך וויים נישט, ווי אַזוי זענען די איבעריגע מאָסקווער פּאָדראַטשיקעס. נאָר דער פּאָדראַטשיק, וואָס איז געקומען קיין כתרילעווקע דורכפיהרען אַ באַהן, איז געווען אַ מאָדנער פּאָדראַטשיק. אַליין אַ קליינינטשקער, אַ פּוכלינקער, מיט פעטע בעקלעך, מיט פליישיגע ליפּען און מיט קורצע הענטלעך, — איז דאָס געווען אַ בריאה אַ ריהרעוודיגע, וואָס אַז סע געהט, לויפט עס, און אַז סע רעדט, שרייט עס און לאַכט מיט אַ צעשאָטען געלעכטערעל: „העהע־העע!“ און די אויגלעך זענען ביי איהם תמיד בענעצט מיט טרערען, און אַלסדינג איז ביי איהם גיך, חאַפּענדיג, אויף איין פוס, און נערוועז — מיט סכנת־נפשות! איהם נישט צו־טרעפען, וואָס ער וויל, אָדער איהם זאַטשעפּען מיט אַ וואָרט — איז חיות

נישט זיכער. באַלד צינדען זיך איהם אָן די אויגלעך און ער איז קאַפּאַבל אייך דורס זיין, צערייסען אויף צווייען. אַ מאָדנער, אַ מאָדנער פּאַדראַטשיק!

איינגעפיהרט האָט ער אויף דער אכסניה, אַז ווער סע זאָל צו איהם נישט קומען, יהיה מי שיהיה, מעג זיין דער גובערנאַטאָר אַליין (אַזוי טאַקי מיט דעם לשון האָט ער אָנגעזאָגט), דאַרף מען איהם פריהער אַ קלאַפּ טהון אין דער טהיר, און אַז ער וועט הייסען אַריין, דאַרף מען ערשט דעמאָלט איהם מעלדען, ווער עס וויל מיט איהם רעדען — איז אָדער ער בעט אַריינקומען, אָדער ער הייסט קומען מאָרגען.

פערשטעהט זיך, אַז אין כתרילעווקע האָט מען זיך גענוג אָנ־געלאַכט אויף דעם דאָזיגען פּאַרשוין און אויף זיינע נאַרישע גענג. האָט איהר געהערט אַ השגה פון אַ מאָסקווער פּאַדראַטשיק? לא־די, וואָס איך האָב מיך מטריח געווען און קום צו דיר אַהיים, דאַרף איך נאָך שטעהן אַ היבשע ווײַלע אויף יענער זייט טהיר און אויס־וואַרטען ביז דו וועסט מיר „פּאַזוואָליען" אַריינקומען צו דיר, אָדער אַניט — וועסט דו מיר הייסען קומען מאָרגען? ניין, דאָס קאָן נאָר אַ מאָסקווער פּאַדראַטשיק. דאַכט זיך, מע דאַרף נישט קיין גרעסערען מענשען, ווי רב יוזיפעל דער רב, אַ איד אַ למדן און אַ גרויסער ירא־שמים. פון דעסטוועגען איז ביי איהם אַלע מאָל, צו יעדער צייט, אָפען טהיר און טויער, כל דכפין — מיר זענען דאָך עפּיס אידען אויף דער וועלט!

דערזעהן פאַר זיך רב יוזיפעל דעם רב בכבודו ובעצמו און נאָך שבת'דיג אָנגעטהאָן, איז דער בעל־אכסניה, אַ איד מיט אַ ליולקע־ציבעק, מיט אַ היבשען בויך און מיט אַ צעשפּילעטען פונ־פאָרענט, ממש מבולבל געוואָרען: „ברוכים הבאים! סקאָצעל קומט! אַזאַ גאַסט! דער רב אַליין ביי מיר אין שטוב! אַזאַ זכיה! רבי, זיצט... וואָס? צום אורח דאַרפט איהר? מיט'ן גרעסטען כבוד!"...

און דער בעל־אכסניה האָט נאָר פערגעסען פונ׳ם „יהיה מי שיהיה“ און פונ׳ם „גובערנאטאָר“, אוועקגעלעגט דעם ליולקע־ציבעק, פערשפּילעט דעם פונפאָרענט און האָט צוגעפיהרט דעם רב מיט די צוויי פיינסטע בעלי־בתים צום אורח׳ס טהיר, און אליין איז ער נעלם געוואָרען.

מיט וואָס דער אורח איז דאָרט געווען אין דער מינוט בעשעפטיגט — איז שווער צו זאָגען. אפשר האָט ער געהאַלטען סאמע אין מיטען רעכענונגג ווענען אייזענבאהן, וואו מע זאָל ציהען די רעלסען און וואו מע זאָל אוועקשטעלען דעם וואָקזאל? אָדער אפשר איז ער געלעגען ביי זיך אין צווייטען צימער אָנגעשפּארט און געדרימעלט? אָדער אפשר איז ער דאָרט געזעסען גלאט אזוי און געשמועסט, געפּלוידערט מיט׳ן בעל־אכסניה׳ס יונגער שנור די הולטייקע, וואָס טראָגט אייגענע האָר און האָט פיינט דעם מאן — אלע ווייסען דאָס? ווער קאָן עס ווייסען, וואָס א איד א פּאָדראַטשיק פון מאָסקווע, א יונג מיט ביינער און א מיליאָנשטשיק דערצו, טהוט ביי זיך איין מענש אליין אין צוויי צימערען? נאָר אז די כתרילעווקער דעפּוטאציע איז אריינגעקומען צו איהם אינ׳ם ערשטען חדר, האָבען זיי איהם נישט געטראָפען. זיי האָבען נאָר בעמערקט, אז די טהיר פונ׳ם צווייטען חדר איז אָפען און ס׳איז דאָרטען זעהר שטיל. געהן ווייטער האָבען זיי נישט געוואָלט. ס׳איז נישט קיין דרך־ארץ — טאָמער שלאָפט ער? זענען זיי געפאַלען אויף א המצאה און האָבען אלע דריי גענעבען א הוסט (אזוי איז דער מנהג אין כתרילעווקע). האָט דער פּאָדראַטשיק דערהערט, איז ער ארויסגעלאָפען נישט טוידט, נישט לעבעדיג. דערזעהען אומבעקאנטע געסט, איז ער באלד געוואָרען מלא כעס וחמה און האָט זיך צעשריגען אויף זיי אויפ׳ן מאָסקווער אופן:

— ווער איז? וואָס דארפט איהר, אזעלכע און אזעלכע? ווער האָט אייך אריינגעלאָזט? איך האָב דאָך טויזענד מאָל אָנגעזאָגט, אז „אָהן א דאָקלאַד“ זאָל מען צו מיר נישט געהן!

ס'איז א סברה, אז ער האָט אויסגענוצט דערביי, זאָגט מען, דאָס וואָרט „זשידי"... ס'איז אפילו נישט צו גלויבן אזעלכעס אויף א אידען, נאָר א מענש, און א מיליאָנשטשיק דערצו, אז מע ברענגט איהם אריין אין גרים־צאָרן, קאָן ער אָפּטהון נאָך א סך ערגערע זאכען...

אונזער לעזער, וואָס איז שוין בעקאַנט געננג מיט'ן כתרילעווער רב, ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר א איד איין עניו אָט דער רב יוזיפעל איז. ער וועט אייך קיינמאָל נישט זיין קיין קופּץ בראש. ער האָט תמיד ליעב זיין בעסער דער לעצטער, וואָרום ער גערהט מיט דעם גאַנג, אז א בשר־ודם דאַרף זיך נישט חאַפּען. ער האָט נישט וואָס אָנצווווערען און וועט קיינמאָל נישט פערשפּע־טיגען. נאָר דאָ האָט ער געמוזט אַרויסטרעטען מיט איין פּוס פריהער, ווייל יענע „פּאָרנעמסטע בעלי־בתים" האָבען זיך פּשוט איבערגעשראָקען פאַר'ן מיליאָנשטשיק, וואָס האָט זיך צעלאָזט אויף זיי מיט די הענד און צוגעטופּעט מיט די פיס. וועהר ווייסט, וואָס ער איז? אפשר איז ער פּאָליאַקאָוו'ס א „מענטש", און אפשר איז דאָס פּאָליאַקאָוו אַליין? האָבען זיי שוין בעל־כרחם געמוזט אביסעל אָפּרוקען זיך צוריק, זיין אביסעל נעהענטער צו דער טהיר. א קשיא, וואָס סע מאַכט זיך... נאָר איין רב יוזיפעל האָט זיך עפּיס איצטיגס מאָל גראָד נישט דערשראָקען. ער איז געגאַנגען מיט א ממה־נפשך: איז דער מענש א גרויסער מענש, דאַרף איך פאַר איהם קיין מורא נישט האָבען. אלא וואָס דען? ער איז א קליינער מענשעלע, — האָב איך אודאי פאַר איהם נישט וואָס מורא צו האָבען!... איז ער אַרויסגעטרעטען קעגען איהם מיט שטאַרקייט און רופט זיך אָן צו איהם אזוי צו זאָגען:

— זייט זשע מוחל, איהר שרייט... אפשר זענט איהר גע־רעכט... האָט קיין פּאַראיבעל נישט, וואָס מיר האָבען אייך אפשר געשטעהרט... מיר זענען זיך אָבער עוסק אין א מצוה, און שלוחי־מצוה, שטעהט ביי אונז געשריבען, אינן ניזוקין — דער וואָס איז

איין עוסק במצוה — דעם קאָן נישט שאַדטען... מיר זאַמלען נדבות, פאַרשטעהט איהר מיך, אויף אַ גרויסע זאַך, אויף אַ „מושב־זקנים“...

דער פאַדראַטשיק פון מאָסקווע איז גאָר געבליבען אָהן ווער־טער. דאָס אַריינרייסען זיך צו איהם „אָהן אַ דאָקלאַד“ פון אָט די דריי אידען פלוצים אין מיטען דרינגען און דאָס האַלטען זיך פון אָט דעם דאָזיגען אַלטען מיט׳ן שטריימעל, וואָס האָט איהם אויס־געוויזען אַי נאַריש, אַי פרעך, האָבען אונזער אורח אַזוי אויפגע־בראַכט, אַזוי צעקאָכט, אַז ער האָט דערפיהלט, ווי עס האָט איהם דערלאַנגט אַ קיצעל אין נאָז און אַ הויב־אויף דעם מח און דאָס גאַנצע בלוט איז איהם אַריין אין פנים אַריין. ער איז פשוט אַרויס פון די כלים און אַזוי שטאַרק פערלוירען זיך, אַז ער געדענקט אַליין נישט, וואָס מיט איהם איז געווען. עס האָט זיך עפּיס ווי קענגען זיין איינגענעם ווילען אויפגעהויבען ביי איהם די האַנד, און ער האָט מיט׳ן גאַנצען כח אַראָפּגעלאָזט דעם אַלטען אַ הילכיגען פלאַמ־פייעריגען פאַטש.

— נאָט אייך! אָט האָט איהר אייך אַ „מושב־זקנים“!...

פונ׳ם דאָזיגען פאַטש זענען ביי׳ם אַלטען אַראָפּגעפלויגען פון קאָפּ דאָס שטריימעל מיט דער יאַרמעלקע אינאיינעם, און דער כתרילעווקער רב איז געבליבען שטעהן אַ ווייליע בגלוי־ראש — דאָס ערשטע מאָל אפשר אויף זיין לעבען... עס האָט אָבער גע־דויערט נישט מעהר ווי אַ רגע כמימרא, האָט דער רב רב יוזיפעל קודם זיך איינגעבויגען, אויף דער גיך אויפגעהויבען דאָס שטריימעל און צוגעדעקט דעם נאַקעטען קאָפּ. דערנאָך האָט ער פאַוואָלינקע זיך אַ טאַפּ געגעבען ביי דער באַק און אַ קוק געטהאָן אויף דער האַנד, צי איז ער חלילה נישט צע׳דמ׳ט? און טאַקי באותה שעה רופט ער זיך אָן צום אורח שטיל און בנעימות׳דיג, מיט אַ מאָדנעם שמייכעלע, און דאָס פנים איז איהם טוידט, ווי ביי אַלע טוידטע:

— נו, מילא, דאָס האָט איהר, הייסט עס, געגעבען מ י ר. וואָס זשע וועט איהר עפּיס געבען, רב איד, פאַר די אַלטע קראַנקע נעבאַך, איך מיין טאַקי אויפ'ן „מושב־זקנים" מיין איך?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס ווייטער איז געוועזן — לאָזט זיך נישט דערצעהלען. קיינער ווייסט נישט, וואָרום די „פּאַרנעמסטע בעלי־בתים", אַז זיי האָבען דערהערט פונ'ם פּאָדראַטשיק די מאָסקווער שפּראַך, האָבען זיי שוין נישט געסטייעט... און דער רב רב יוזיפעל האָט גלאַט נישט געוואָלט רעדען דערפון... אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דאַר־טען, האָט איהם דאָס פּנים מאָדנע געשיינט. איין באַק (די לינקע) האָט געשיינט מעהר פון דער אַנדערער... און ער האָט מיט זיין בנעימות'דיג שמייכעלע געזאָגט:

— מזל־טוב, אידען, איך קאָן אייך אָנזאָגען אַ בשורה: מיר האָבען מיט'ן אויבערשטענס הילף אַ „מושב־זקנים", אָבער אַ „מושב־זקנים", הערט איהר, אַז גאָט און לייט וועלען זיך פרעהען...

די „קליינע מענשעלעך" וואָלטען אפשר דעם רב נישט אינ־גאַנצען געגלויבט, ווען זיי זאָלען נישט הערען פונ'ם פּאָדראַטשיק אַליין מיט זייערע אויהערען, ווי ער זאָגט און קלאַפּט זיך מיט די קורצע פינגער אין דער ווייסער מאַנישקע:

— אידען, איך שטעל אייך אַוועק אַ „מושב־זקנים". איך, איך!... — און נישט נאָר געהערט מיט די אויהערען, נאָר מע האָט געזעהען מיט די אויגען אין גיכען, ווי דער פּאָדראַטשיק געהט־אום מיט'ן רב אין שטאָדט, מעסט מיט'ן שטעקען: „אָט דאָ וועט שטעהן דאָס הויז. אָט אַזוי פיעל וועט זיין די לענג, און אָט אַזוי פיעל די ברייט"... און אָט האָט מען שוין געבראַכט צו פיהרען ציגעל, געהילץ און אַנדערע מאַטעריאַלען — און עס געהט אַ גאַנג.

אמת, עס האָבען זיך געפונען בעלנים, וואָס האָבען גענומען אויספרעגען ביי'ם רב, אויסטאַפּען, ציהען ווערטער: „רבי! ווי

אזוי איז געווען די מעשה? ווי אזוי האָט אייך דער דאָזיגער מפיים געווען פאַר די הארטע רעד?... וואָס האָט איהר איהם געזאָגט און וואָס האָט ער אייך געענטפערט?"... רב יוזיפעל האָט אָבער אלסדינגג דורכגעלאָזט פערביי און פערדרעדט דעם עולם די צייהן, געשמייכעלט דערביי מיט זיין שטענדיג בנעימות'דיג שמייכעלע:

— אָבער א „מושב־זקנים" וועלען מיר, אם־ירצה־השם, האָבען, הערט איהר, אז גאָט און לייט וועלען זיך פרעהען!...

* *
*

איין עבירה — דאָס „מושב־זקנים" שטעהט נאָך עד היום לעדיג: רב יוזיפעל איז שוין עליו השלום — נישטאָ מיט וואָס צו פיהרען. די כתרילעווקער קליינע מענשעלעך האָבען שוין אזא מזל: חלומ'ט זיך זיי איינגעמאכטס — פעהלט זיי א לעפעל; אָנגעגרייט א לעפעל — חלומ'ט זיך זיי נישט קיין איינגעמאכטס

# אַ פּסח'יגע עקספּראָפּריאַציע

### א.

כתרילעווקע האָט פון תמיד אָן נאָכגעמאַנצט אדעם; נאָר פון זינט עס האָבען זיך אָנגעהויבען די בהלות, טרעט כתרילעווקע נישט אָפּ פון אדעם אויף קיין האָר: אין אדעם א סטרייק — אין כתרילעווקע א סטרייק; אין אדעם קאָנסטיטוציע — אין כתרי־לעווקע קאָנסטיטוציע; אין אדעם א פּאָגראָם — אין כתרילעווקע א פּאָגראָם. איינער א ליץ האָט ארויסגעלאָזט א קלאַנג, אז אין אדעם האָט מען אָנגעהויבען זיך אָפּשניידען די נעזער, האָט מען אין כתרילעווקע גענומען שאַרפען מעסערם; א גליק, וואָס אין כתרילעווקע גופא האָט מען ליעב קוקען אויף יענעם, דעריבער האָט יעדער געוואַרט, ביז דער ערשטער וועט זיך אָפּשניידען די נאָז. און מע וואַרט נאָך עד היום...

נאָך אזא מין הקדמה וועט שוין קיינעם קיין וואונדער נישט זיין, וואָס עס געהט נישט אַוועק כמעט א טאָג, מע זאָל נישט לייענען אויף די גאַזעטען אַלע מאָל איין אנדער אומגליק פון כתרילעווקע: ווי אזוי „חברה" האָבען זיך אריינגעחאַפּט צו א בעקער און האָבען עקספּראָפּריאירט דאָס גאַנצע געבעקס, אָדער ווי אזוי א שוסטער האָט שוין געהאַט כמעט געענדיגט א פּאָר שטיוועל — ס'איז געבליבען נאָר ארויפצוזעצען א פּאָר פּאָדעש־ווען מיט די אָפּצאַסען, — איז מען איהם בעפאַלען אין מיטען העלען טאָג, אָפּגעזאָגט דעם געוויסען פּסוק „שאו ידיכם" — „רוקי

ווערך!" — און צוגענומען די שטיוועל. אָדער אַ איד איין אָרע־מאַן איז געגאַנגען איבער די הייזער — דאַנערשטאָג איז געווען די מעשה — האָט מען איהם זאַסטעמפּעט ערגיץ אין אַ געסעל, צו־געשטעלט איהם אַ פּיסטויל גלייך אין פּנים אריין און אויסגעטריי־סעלט ביי איהם וואָס ער האָט געהאַט. אָדער הערט אַ מעשה, וואָס אַ אידינע דערצעהלט... נאָר וואָס אַ אידינע דערצעהלט וויל איך אייך נישט איבער'חזר'ען; אַ פרוי האָט שוואכע נערוועז, די צייט איז איין אומרוהיגע, עס קאָן זיך איהר אויסוויזען אַ קוצע קוה פאַר אַ בארנבוים... איך וויל נישט נעמען אויף זיך „די פּער־אַנטוואָרטליכקייט פאַר דער געזעלשאַפט"...

בקיצור, עס איז אַוועק אין כתרילעווקע אַ סדרה עקספּראָ־פּריאַציעס, איינע שרעקליכער פון דער אַנדערער. עס איז געוואָרען אַ מורא צו לעבען אויף דער וועלט, און מע האָט אָנגעהויבען בענקען נאָך די אַלטע גוטע יאָהרען, ווען איין פּריסטאַוו, וואָס פלעגט נעמען אַ קערבעל, האָט געקאָנט האַלטען אַ גאַנצע שטאָדט ביי זיך אין זשמעני, און מע האָט אָנגעהויבען בעטען גאָט און תפלה טהון:

— גוואַלד, רבונו־של־עולם, השיבנו נאַזאַד, הארצעדיגער פאָ־טער, חדש ימינו כקדם!...

דאָס איז אָבער נאָך אַלץ נישט מעהר ווי אַ הקדמה. די מעשה הויבט זיך ערשט אָן.

## ב.

בנימין לאַסטעטשקע איז דער גרעסטער גניד אין כתרילעווקע. אויסרעכענען זיין גרויסקייט האָט נישט קיין שיעור. ערשטענס, האָט ער מחותנים רייכע אויף דער גאַנצער וועלט. די מחותנים זענען שוין איצט נישט אזוי רייך, ווי זיי זענען געווען אמאָל, איבער היינטיגע צייטען מיט היינטיגע אָנזעצען — ס'איז נאָר קיין חידוש נישט; אַ חידוש איז נאָר, ווי אידען האַלטען זיך נאָך, און ווער שמועסט די כתרילעווקער אידען — זענען שטאַרקער

ווי אייזען! ווי הערינג אין א פאַס האָבען זיי זיך צונויפגעפּאַקט אַלע אויף איין אָרט, און זיי פרעסען איינס דאָס אַנדערע לעבע־דיגערהייד. א שטיקעל גליק אָט דאָס אַמעריקע, וואָס נעמט־צו פון דאָרטען אַלע יאָהר כמעט צוויי מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל עס שטאַרבען־אויס פון הונגער, פון פּאָגראָמען און פון אַנדערע שלעק... פון דעסטוועגען, זעהט איהר דאָך, אַז גאָט וויל, איז נאָך דאָ אין כתרילעווקע אַ איד אַ נגיד, וואָס הייסט בנימין לאַסטעטשקע, וואָס אַלע זענען איהם מקנא, וואָס ער דאַרף נישט אָנקומען צו קיינעם, אַחוץ צו זיינע רייכע מחותנים. מאַהלט אייך, אָנקומען צו אַ רייכען מחותן איז עפּיס אויך נישט אַזאַ זיס שטיקעל ברויט, מחמת דאָס רוב רייכע מחותנים זענען בטבע, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, גרויסע חזירים... פון דעסטוועגען איז בנימין לאַסטעטשקע פאָרט דער נגיד אין כתרילעווקע. אַז מע דאַרף אַ מאָל אַ טובה, וואוהין געהט מען? צו בנימין לאַסטעטשקע. און בנימין לאַסטעטשקע הערט אויס, העלפט אַ מאָל מיט איין עצה, אַ מאָל מיט אַ גוט וואָרט, אַ מאָל מיט אַ קרעבץ — גוט איז אויך דאָס, וואָרום אָהן דעם וואָלט דען געווען בעסער? אַלץ איין שוואַרץ יאָהר.

וואָס איז דער חילוק פון אַ כתרילעווקער נגיד ביז, למשל, אַ נגיד אין יעהופּעץ? די יעהופּעצער נגידים האָבען ווייכע הערצער, קאָנען נישט צוזעהן דעם צער פון די אָרעמע לייט. האַלטען זיי פערמאַכט די טהיר, שטעלען־אַוועק אַ שווייצאַר ביי דער שוועל, לאָזען נישט צו קיין בן־אָדם, וואָס געהט נישט אָנשטענדיג אָנ־געטהאָן. און אַז עס קומט דער ליעבער זומער, הויבען זיי זיך אויף ווי די שוואַלבען און פאָהרען־אַוועק קיין אויסלאַנד — געהט זוכט זיי! אַנו, זאָל פּרובען אַ כתרילעווקער נגיד אַזוי טהון, ווענט מען איהם די ביינער צעטראָגען! צי ער וויל, צי ער וויל נישט — בנימין לאַסטעטשקע איז ראש וראשון אין קהל. אין אַלע צדקה־זאַכען איז ער דער ערשטער, נישט נאָר אויף צו געבען די ערשטע נדבה, נאָר אויף צו נעמען דאָס שטעקעל, מחילה, און געהן פון שטוב צו שטוב צונויפנעמען נדבות פון אָרעמע לייט פאַר אָרעמע לייט...

היינט ווער שמועסט ערב פסח ביי'ם צונויפנעמען „מעות חטים" — אַ! רעמאָלט מעגט איהר זיך פערגינען אַ קוק טהון אויף בנימין לאַסטעטשקע חאָטש פון דער ווייטען. איך וויים נישט, אויב דער גרעסטער כלל־טהוער פון דער גאַנצער וועלט האָט פאַר דעם ברענענדיגסטען וואהל־קאַמפף אַמאָל אַזוי געשוויצט, ווי אונזער לאַסטעטשקע שוויצט גאַנצע פיער וואָכען פאַר פסח! ער שווערט, אַז פון פורים ביז פסח שלאָפט ער אין אָנטהון! לאָמיר איהם גלויבען אויף נאמנות, וואָרום וואָס קומט איהם ארויס פון דעם? קיין געלד פאָדערט ער נישט פאַר זיין טרחה. אי, איהר וועט זאָגען, ער טהוט עס צוליעב כבוד? זאָל זיין אַזוי. וואָס קאָן עס אייך אַהרען? יעדער מענש וויל כבוד; אפילו שררות האָבען עס נישט פיינט. מיר וועלען די נאַטור פונ'ם מענשען נישט איבערמאַכען — פאַרפאַלען!

ג.

דער מנהג פון צונויפנעמען מעות־חטים פאַר אָרעמע לייט אויף פסח איז זעהר איין אַלטער מנהג, זעהר אַ קאָנסערוואַטיווער מיטעל פון „פילאַנטראָפּיע"; דאָך, מיין איך, איז ער נישט אַזוי ביטער, ווי די היינטיגע ווילען אונז איינרעדען. זיי זאָגען, אַז „פילאַנטראָפּיע איז אַ שחיטה פאַר דער געזעלשאַפט". איך וויל מיך מיט זיי אין חקירות און אין פּאָלעמיק נישט אריינלאָזען. איך וויל נאָר זאָגען, אַז נאָך מיין מיינונג, איז דאָ נאָך אַ פיעל ערגערער מנהג: וואָס די נגידים ווילען נישט געבען, און וואָס מע דאַרף ביי זיי רייסען פון די צייהן. און נאָך טויזענד מאָל ערגער איז דאָס, וואָס די שענע מענשען, וואָס ווילען נישט געבען, ווילען אייך איינרעדען אַ קינד אין בויך, אַז דערפאַר געבען זיי נישט, ווייל ס'איז פאַרהאַן ביי זיי אַ „פּרינציפּ"... פאַר אַזעלכע מענשען זאָלט איהר אַנטלויפען; אַזעלכע מענשען זענען טרוקען, ווי אַ טרוקען פישעל, און אומעטיג, ווי אַ קאַץ... דאַנקען גאָט, וואָס אין כתרילעווו־

קע איז דער „פּרינציפּ" נאָך נישט אריין אין דער מאָדע. די וואָס געבען נישט, געבען נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבען נישט... ערב פּסח אָבער, אז עס קומט צו מעות־חטים, איז דאָס אויך קיין תירוץ נישט. אין כתרילעווקע געהט א שפּריכוואָרט: „יעדער איד איז מחויב אָדער געבען מעות־חטים, אָדער נעמען מעות־חטים...

מאָדנע מענשען די כתרילעווקער אידען! טויזענדער יאָהרען זענען אוועק, זינט זייערע עלטער־עלטער־זיידעס האָבען זיך בעפרייט פון גלות־מצרים, קאָנען זיי זיך נאָך עד היום נישט אָפּגעוועהנען פון צו עסען מצות אכט טאָג דורכאנאנד אלע יאָהר, און איך האָב זעהר מורא, אז דער דאָזיגער טרוקענער מאכל וועט נאָך לאנג־לאנג נישט ארויס פון דער מאָדע... א גאנץ יאָהר וועט אייך א כתרילעוו־קער איד שוואָלען פון הונגער, און קומט פּסח, מעג זיך איבער־קעהרען די וועלט, מוז ער זיין פערזאָרגט מיט מצות! עס איז נאָך נישט געוועזען דער פאל, אז א איד זאָל דאָרט שטארבען פּסח פון הונגער. און טאָמער מאכט זיך א מאָל אזא פאל, דארף מען איהם פערשרייבען אויפ'ן חשבון פונ'ם יאָהר, דאָס הייסט, ער איז גע־שטאָרבען נישט חלילה מחמת דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט די אכט טאָג פּסח קיין מצה, נאָר מחמת דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין חמץ אין די 357 טעג פון א גאנץ יאָהר. עס איז, פערשטעהט איהר מיך, א גרויסער אונטערשיעד!

ד.

נישטאָ איין זאך אויף דער וועלט, וואָס זאָל נישט האָבען קיין אויסנאַהם. דאָס יאָהר, וואָס מיר בעשרייבען אונזער געשיכטע, איז געוועזען פאר כתרילעווקע אזא יאָהר, וואָס מע האָט אזעלכעס קיינמאָל נישט געהערט. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז נע־מערס אויף מעות־חטים זענען מעהר ווי געבערס. מע זאָל זיך נישט שעמען פאר לייטען, וואָלטען כמעט אלע אידען דאָרטען זיך נישט אָפּגעזאָגט פון צו נעמען מעות־חטים... א צער־בעלי־חיים

געווען אָנצוקוקען אונזער נגיד בנימין לאַסטעטשקע, ווי ער זיצט אין „קאַמיטעט“ דעם לעצטען טאָג וואָס פאַר פּסח און האַלט אין איין אָפּזאָגען:

— נישטאָ קיין געלט!... אויסגעגאַנגען!... האָט קיין פאַר־איבעל נישט!...

— דערלעבט איבער א יאָהר, — האָבען איהם געענטפערט די „אָפּגעזאָגטע“ אָרעמע לייט און צוגעלעגט אונטער דער נאָז: — און איהר זאָלט קומען צו אונז נאָך מעות־חטים...

איינס נאָך דאָס אנדערע זענען די אָרעמע לייט ארויס פון „קאַמיטעט“ מיט לעדיגע הענד און מיט רויטע פּנימ׳ער, ווי פון א שוויץ־באָד, נעשאָלטען די נגידים אויף וואָס די וועלט שטעהט — ס׳זאָל פאַלען אין ים אריין.

צווישען די לעצטע „אָפּגעזאָגטע“ איז געווען א גאַנץ בינטעל בחורים, ארבייט־יונגען, וואָס דרעהען זיך אום א גאַנץ ווינטער אָהן א שטאָך ארבייט. מע האָט שוין פערקויפט פון זיך אַלץ, וואָס מע האָט געהאַט. איינער האָט פערזעצט א זילבערנעם זייגער און פאַר׳ן געלד געקויפט פּאַפּיראָסען, און אַלע בחורים האָבען גע־רויכערט, אום צו שטילען דעם הונגער אַלע בחברותא — מעשה קאָמונע... געקומען אין „קאַמיטעט“, האָט דאָס בינטעל בחורים ארויסגעשטעלט פאַר׳ן גענעראַל־רעדנער איינעם, א דאַמסקי שניי־דער, מיט׳ן נאָמען שמואל־אבא פינגערהוט. און חאָטש שמואל־אבא פינגערהוט איז געווען דער גענעראַל־רעדנער, פון דעסטוועגען האָט איהם דאָס גאַנצע בינטעל מיטגעהאָלפען, און אַלע האָבען גע־רעדט, גע׳טענה׳ט, אז זיי געהען־אויס פון הונגער, ממש זיי פאַלען מיט׳ן פּנים צו דער ערד. דער גבאי ראשון פון „קאַמיטעט“, בנימין לאַסטעטשקע, האָט זיי געלאָזט רעדען, און אז זיי האָבען אויסגעלאָזט, האָט ער אָנגעהויבען בזו הלשון:

— האָט קיין פאַראיבעל נישט, אייערע רעד זענען ארויסגע־וואָרפען. ערשטענס, זענט איהר נישט קיין באַווייבטע, און מיר געבען מעות־חטים נאָר פאַר באַווייבטע; צווייטענס, זענט איהר,

קיין עין־הרע, יונגע לייט, וואָס קאָנען גערן אַרבייטען און פאַר־דיענען אויף פּסח. דריטענס, איז היינטיגס יאָהר ביי אונז אַ גע־רעטעניש אויף אָרעמע לייט, פאַרהאַן מעהר נעמערס, ווי געבערס; פיערטענס — ס'איז אַ בזיון צו זאָגען, מיר האָבען שוין נישט פון גאַנץ פריה אָן אַ צעבראָכענעם גראָשען אין דער קאַסע. טאָמער גלויבט איהר נישט, נאַט זעהט.

און דער גבאי ראשון פון קאָמיטעט האָט זיי איבערגעקעהרט זיינע אַלע קעשענים אויף דער לינקער זייט, בעוויזען אויג־אויף־אויג, אַז ער איז נקי, ריין ווי גאָלד. דאָס בינטעל איז געבליבען אָהן לשון, נאָר דער לידער, שמואל־אַבא פינגערהוט, האָט אַ פּה קדוש — מע דאַרף איהם די צונג נישט פּיקען. ער האָט זיך אָנ־גערופען צום גבאי מיט אַ גאַנצער דרשה האַלב אידיש, האַלב רוסיש:

— זשאַל, וואָס איהר האָט נישט אָנגעהויבען פון'ם סוף, וואָלט איהר פאַרשפּאָרט טראַטיען אַזוי פיעל פּאָראָך פּאָנאַפּראַסנאָ. נאָר איך וועל אייך געבען אַ וואָזראַזשעניע אויף אַלע אייערע דאָ־וואָדען. וואָפּערוויך, וואָס מיר זענען חאָלאָסטיאַקעס — איז דאָס פאַר אייך אַ מעלה: ווינציגער אָרעמע לייט אין שטעדטעל. וואָ־ווטאָריך, וואָס איהר זאָגט: אַרבייטען — סדיעלאַיטע אָדאָלזשע־ניע! גיט אונז אַרבייט, וועלען מיר אייך איבערקעהרען די וועלט! ווטרעטיך, וואָס איהר זאָגט: אָרעמע לייט, איז אין דעם שולדיג דער קאַפּיטאַליזם ס'אָדנאָי סטאָראָני און די עקספּלאָאַטאַציע פון'ם פּראָלעטאַריאַט ס'דרוגאָי סטאָראָני. אַ ווטשעטוויאָרטיך, וואָס איהר וויוואָראַטשעוועט די קעשענים אויף דער לינקער זייט, איז דאָס נישט קיין דאָקאַזאַטעלסטווואָ. מיר סאָמניעוואַיען זיך נישט, אַז ביי אייך אין דערהיים, נאַפּרימער, זענען די שאַפעס אָנגעפּאַקט מיט מצות, אייער, ציבעלעס און קאַרטאָפּלים און געגזונענשמאַלץ און טאָמו פּאָדאָבנאָיע, און וויין אויך אויף אַרבע כוסות... איהר זענט אַלע בורזשוקעס און בעזסאָוועסטנע עקספּלאָאַטאַטאָרעס — און באָלשע ניטשעוואָ! טאָווארישטשי, קומט לאָמיר געהן!...

מיר מוזען נאָכנעבען, אז כתרילעווקע, וואָס טאַנצט־נאָך אַדעס און אַלע אַנדערע גרויסע שטעדט, איז נאָך אַזוי ווייט נישט פאַר־געשריטען, אַז אַזאַ עקספּלאָאַטאַטאָר, ווי אונזער נגיד בנימין לאַס־טעטשקע, זאָל עפענען די שאַפעס, צעטיילען פאר די אָרעמע לייט די מצות מיט די אייער מיט די ציבעלעס מיט די קאַרטאָפּלים מיט'ן געגזענשמאַלץ און מיט'ן ווייַן אויף ארבע כוסות, און אליין זאָל ער בלייבען מיט ווייב און קינדער אָט אַזוי אָ... איך בין אָבער איבערצייגט, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער, אַז מיינע כתרילעווקער עקספּלאָאַטאַטאָרס וועלען דאָס זיכער טהון, זאָל נאָר פריהער בע־ווייזען אדעס, אָדער יעהופּעץ, אָדער אַנדערע גרויסע שטעדט אַזאַ מין ביישפּיעל. כתרילעווקע, מיינע ליעבע פריינד, איז נישט מחויב צו זיין די ערשטע אויפ'ן יריד...

ה.

מיט אַ ריינעם געוויסען, איין אויסגעבאָרענער, אַ יום־טוב־דיגער, האָט זיך בנימין לאַסטעטשקע אַוועקגעזעצט מיט ווייב און קינדער די ערשטע נאַכט פּסח צום סדר, רוהיג און אויפגעלעגט, טאַקי ווי איין אמת'ער מלך, וואָס פיהלט זיך גוט אין זיין מלוכה. אין דער רעכטער האַנד האָט ער די מלכה, שרה־לאה זיין ווייב, אויסגעפּוצט יום־טוב'דיג מיט אַ נייער זיידענער פאַטשיילע, פון וועלכער עס קוקען־אַרויס צוויי לאַנגע באָמבעלדיגע אויהרינגלעך פון עכט זילבער 84טע פּרובֿ, און אַרום און אַרום טיש די קינדער, די פּרינצען מיט די פּרינצעסינס — אַ גאַנצער בוקעט פון אויסגע־צוואָגענע קעפּלעך, רויטע בעקלעך, בלישטשענדיגע אויגלעך. אפילו זלאַטקע די דיענסטמויד, וואָס אַ גאַנץ יאָהר איז זי איינגעשפּאַנט אין יאָך און אַרבייט ווי איין עזעל, האָט זיך אויסגעצוואָגען און אָנגעזייפט מיט פּאַטשולי־זייף און אַריין אין אַ ניי סיצען קליידעל מיט נייע „באָטינקעס" און מיט אַ ברייטער רויטער סטענגע אויפ'ן שווארצען גלאַנצענדיגען שטערן. אַלע פיהלען זיך גוט, מחיה, פריי,

גלייך ווי זיי אליין זענען נאָר־וואָס ארויס פון מצרים. מיט א קנאַק האָט דער יונגסטער פון די פּרינצען אָפּגעקלאַפּט די פיער קשיות, און דער פאָטער דער מלך, בנימין לאַסטעטשקע, האָט גע־נומען לאַנגזאַם, מיט זעהר א שענעם ניגון, אויף א הויך קול, ענט־פערען איהם א תירוץ, דעם אלטען תירוץ: עבדים היינו — קנעכט זענען מיר געוועזען, לפרעה במצרים — ביי פרעה'ן אין מצרים, האָט אונז גאָט ארויסגעצויגען פון דאָרטען מיט א שטארקער האנד און מיט גרויסע וואונדער, בעצאָהלט פרעה'ן מיט צעהן שענע מכות... און האָט גענומען אויסרעכענען אויף א קול און מיט א ניגון די שענע מכות. פּלוצים...

ו.

פּלוצים האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טהיר, און נאָך א קלאַפּ, און נאָך צוויי קלעפּ. ווער זאָל דאָס זיין?... „עפענען, אָדער נישט עפענען?"... און עס איז געבליבען, אז יאָ עפענען. ווארום דאָס קלאַפּען איז געוואָרען וואָס ווייטער אלץ שטארקער און שטארקער, און דער מלך און די מלכה און די פּרינצען זענען אלע געבליבען שטיל, און זלאַטקע די דיענסטמויד האָט געעפענט די טהיר, און אין שטוב זענען אריין דאָס גאנצע בינטעל בחורים מיט זייער לידער, שמואל־אבא פינגערהוט, בראש, מיט א ברייטען „גוט יום־טוב!"... אונזער נגיד בנימין לאַסטעטשקע, האָטש די נשמה איז איהם שוין געווען אין די פּיאַטעס, האָט זיך אָנגענומען מיט הארץ און האָט א זאָג געטהאָן צו דער חברה:

— א גוט יום טוב, א גוט יאָהר. סקאַצעל קומט. וואָס וועט איהר זאָגען גוטס?

איז ארויסגעטראָטען שמואל־אבא פינגערהוט, דער גענעראַל־רעדנער, מיט א דרשה, ווי זיין שטייגער איז, אויף דער געמישטער האַלב־רוסישער שפּראַך, און האָט אזוי געזאָגט:

— איהר זיצט דאָ אין דער ליכטיג ביי א גלאָז וויין און פראזדניוועט דעם הייליגען יום־טוב, און מיר, אָרעמע פּראָלעטאר־יער, פּראָפּאדאיען פון הונגער. איך געפין, אַז ס׳איז ניעספּראַ־וועדליווע. איך פריקאזעווע אייך, איהר זאָלט הייסען אונז אָפּ־געבען אייער יום־טוב׳דיגע וועטשערע און איהר זאָלט נישט סמעיען ארויסלאָזען א פּיפּס, נישט עפּענען קיין פענסטער, נישט רופען קיין פּאָליציע און טאָמו פּאָדאָבנאָיע, וואָרום מיר וועלען מאכען פון אייך אש... חבר משה, וואו איז די באָמבע?...

. . . . . . . . . . . . . . .

די לעצטע עטליכע ווערטער זענען שוין געווען גענוג, דאָס גאנצע געזינדעל זאָל בלייבען ווי געלעהמט, ווי צוגעקאָוועט צו די ערטער. נאָר אז דער „חבר משה“, א שווארצער שוסטער־בחור מיט א שווארצער פּאטלע און מיט שווארצע פינגער, איז צוגעגאנגען צום טיש און האָט גענעבען א שטעל־אַוועק עפּיס א הויכע זאַך און א קיילעכיגע, איבערגערעקט מיט א שמאַטע, — איז פונ׳ם גאנצען הויזגעזינד געוואָרען דאָס, וואָס ס׳איז אמאָל געוואָרען פון לוט׳ס ווייב, אז זי האָט זיך אויסגעדרעהט, געוואָלט זעהן, וואָס איז געוואָרען פון די שטעדט סדום און עמורה...

אוּן זלאטקע די דיענסטמויד האָט מיט קלאָפּענדיגע צייהן אונטערגעטראָגען צום טיש פריהער די הייסע פּעפּעריגע פיש, נאכדעם די יויך מיט די פעטע קניידלעך, לאטקעס און פּאלירטשי־קעס מיט אלע אנדערע גוטע זאכען, און חברה האָבען דאָס אויפ־געקלאָפּט מיט אזא אפּעטיט, גלייך ווי זיי האָבען טאַקי באמת שוין לאנג נישט געגעסען, און האָבען אלע מאָל פערטרונקען מיט וויין, און האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט, נישט איבערלאָזען קיין טראָפּען, אפילו דאָס איי מיט דער זרוע מיט׳ן כרפּס מיט׳ן מרור מיט׳ן חרוסת האָבען זיי צורעכט געמאכט, נישט איבערגעלאָזט קיין זכר, קיין סימן פונ׳ם סדר, אחוץ די הגדות. און בשעת מעשה האט דער גענעראל־רעדנער, שמואל־אבא פינגערהוט, נאָך געמאכט

חוזק פונ'ם כתרילעווקער גביר, דעם עקספּלאָטאַטאָר בנימין לאַס־טעטשקע. ער האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

— אַלע מאָל זאָגען מיר די הגדה און איהר עסט די קניידלעך; נאָר וו'נאַסטאַיאַשטשעיע וורעמיא זאָגט איהר די הגדה און מיר עסען די קניידלעך... לחיים, בורזשוי, זאָל גאָט געבען, איהר זאָלט ווערען אַ פּראָלעטאַרי אַזוי ווי מיר!... לשנה הבאה בקאָנסטיטוציע!...

---

## דער עפּילאָג פון דער טראַגעדיע.

עס איז שוין געווען אַרום האַלבע נאַכט, און דער אָרעמער נגיד בנימין לאַסטעטשקע מיט זיין הויזגעזינד זענען נאָך אַלץ געזעסען אַרום טיש, נאָך אַלץ אין איין שרעק! אויפ'ן טיש איז נאָך אַלץ געשטאַנען דאָס „אומגליק" — דאָס הויכע, דאָס קיילע־כיגע, מיט דער שמאַטע איבערגעדעקט. די „חברה־לייט" האָבען אָנגעזאָגט פאַר'ן אַוועקגעהן, זיי זאָלען בלייבען זיצען צוויי שעה אויף די ערטער, אַניט — וועט זיין שלעכט... יענע נאַכט איז אין דער שטוב קיינער נישט געשלאָפען; מע האָט געדאַנקט גאָט, וואָס מען איז אַרויס מיט'ן לעבען...

— נו, און וואָס איז געוואָרען מיט יענעם הויכען קיילעכיגען „אומגליק", וואָס אויפ'ן טיש, מיט דער שמאַטע איבערגעדעקט?... אַזוי פרעגט דער נייגיעריגער לעזער. און מיר בערוהיגען איהם: אַ בלעכענע פּושקע פון שוהוואַכס, אָנגעפילט מיט מצה־מעהל, איז נישט געפעהרליך. זי מעג שטעהן טויזענד יאָהר, וועט זי נישט אויפרייסען, סיידען חלילה... אַ גוטען יום־טוב!

# מילכיגס

א חכם, הערט איהר, איז געווען דער, וואָס האָט איינגעפיהרט א מנהג, אז שבועות אין דער פריה זאָל מען עסען מילכיגס. וואָרום, לאָמיר זיך ניט נארען, וואָס קאָן זיין בעסער און פרישער און זיסער און געשמאַקער און וועלוועלער פון מילכיגס? אמת, צו מילכיגס באַדאַרף מען אויך האָבען געלט, נאָר ווי קומט דאָס צו פלייש? ביי פלייש איז פאַרהאַן פלייש און פאַרהאַן ביינער; און מילכיגס האָט אין זיך מילך, און קעז, און פוטער, און סמעטענע, און פיד־סמעטענע און זויערמילך און סיראָווועטקע... היינט נעמט די מאכלים, וואָס מע קאָן מאַכען פון מילכיגס. פון פלייש האָט איהר א יויך, א ראָסעלפלייש, און עסיגפלייש, א געבראָטענס — און שוין... פון מילך אָבער האָט איהר קאַשע מיט מילך, לאָקשען מיט מילך, רייז מיט מילך, און טייגלעך מיט מילך, און באַלאַבעשקעס מיט מילך, און פאַרפעל מיט מילך, און גלאַט מילך; היינט די מאכלים פון קעז און פוטער האָבען דען א שיעור? באַרעכענט נאָר: קרעפּלעך, און וואַרעניקעס, און וואַרניטשקעס, און א קוגעל, און א מאַהינע, און א טייגעכץ, און קנישעס, און מנישקעס, און בלינצעס, און צרות־קניידלעך, און קאַשניקעס, און ווערטליקעס, און ווערטוטען. און וויפיעל איז פאַרהאַן מאכלים, וואָס מע קאָן זיך ניט אָנגערעכענען! למשל: קאָרזש מיט קעז, מאַסליטשקענע קאַשע, און פיש געפּרעגעלטע אויף פוטער, און א באָרשט א מילכיגער, און ראַזשענקע, און מאַסלינקע — אַלץ אַזעלכע פּאָטראַוועס, וואָס קיינער זאָגט זיך פון דעם ניט אָפּ, סיידען שוין

נאָר איין אָפּגעריסענער נאַר, וואָס מע באַדאַרף איהם געבען קייען שטרוי...

וואָרום איך, מע זאָל מיך אויפוועקען אין מיטען נאַכט און מיר דערלאַנגען מילכיגס, איז אבי איך בין נאָר ניט פליישיג, איז מיט'ן גרעסטען כבוד! למאי זאָל איך לייקענען? איך האַלט פון מילכיגס. און ניט אַזוי איך, ווי „זי". ביי אונז אין כתרי־לעווקע הייסען מיר „די פרעסערס", חאָטש עסען מיר גלייך מיט אַלע אידען, דאָס הייסט: קדחת אין אַ קליין טעפּעלע. אַי, די קשיא: פון וואַנען נעמט זיך דער נאָמען „פרעסערס"? לאָז מיך אַזוי וויסען בייז! עס קאָן זיין, עס נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האָבען ליעב רעדען פון עסען. למשל, איך אַליין האָב ליעב אַרויסצוזגעהן אין מאַרק און שטעהן ביי די פיש. פיש איז ביי מיר דאָס חיות. פאַר פיש וואָלט איך אַוועקגעגעבען מי יודע וואָס! און אפשר נעמט זיך עס פון דעם, וואָס מען עסט ביי אונז אַ סך ברויט. למשל, ביי מיר געהט אַוועק, קיין עין־הרע, אַ סך מעהל אויף שבת, וואָרום ס'איז פאַרהאַן ביי מיר, ניט צו פאַרזינדיגען, ווער ס'זאָל קייען. איך האָב, זיי זאָלען לעבען און געזונט זיין, דריי פערטעל טוץ, און אַלע, ברוך השם, האָבען אַפּעטיט צום עסען, מע דאַרף מיט זיי חלילה צום רבי'ן ניט אָנקומען, ביי'ם דאָקטאָר קיין עצות ניט פרעגען. הלואי וואָלט נאָר געווען וואָס צו עסען, וואָרום איך בין, לא עליכם, נישט פון די גרויסע נגידים, דאָס הייסט, חלילה נישט קיין אָרעמאַן, נאָר קיין גביר אודאי ניט! איך בין אַליין אַ קרעמער בין איך; מאָהלט אייך, אַ קראָם ביי מיר אויף אַלע אידישע שונאים! ס'איז נאָר איין אויסרעד, ניט קיין קראָם; איך באַדאַרף זי האַלטען צוליעב דעם קרוב, די קראָם הייסט עס. איך האָב, פאַרשטעהט איהר מיך, מיין אייגענס אַ קרוב אַ רייכען, פון „איהר" צד: זיין פאָטער און איהר מוטער'ס מוטער זענען געווען אייגענע געשוועסטער־קינדערלעך; אפילו אַ ווייטליכער קרוב, נאָר דאָך אַ קרוב. ער איז אַ יאַמפּעלער איז ער, דאָס הייסט, ער זיצט אין יאַמפּעלע

און רעכענט זיך ראַרט צווישן די גבירים, דאָס הייסט, אַמאָל האָט ער זיך גערעכענט נאָר צווישן די גרויסע גבירים, היינט איז ער אביסעל דאָסיג, איך מיין פאַרדרעהט... נאָר פון דעסט־וועגען געהער זיך ניט אָן אײנס מיט'ן אַנדערן, זיין שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען. וואָס ער צאָהלט איבער נאָך היינט אַ יאָהר פּראָצענט — וואָלט געווען גענוג פאַר אונז ביידען.

קומען מיר, הייסט עס, אַ מאָל צו איהם אויף קבר־אָבות — אַ מאָל איך, אַ מאָל „זי". מע ווײנט זיך אויס אַביסעל, בייזערט ער זיך אפילו, ווייל ניט ליידען, נאָר עס העלפט איהם, ווי דער פאַראיאָהריגער שניי. ער מוז, ער מוז געבען, נישט געלט — איז סחורה, נישט סחורה — איז אַ וועכסעל. ער האָט דען אײן אַנדער ברירה? וואָרום „זי", אַז זי צעוויינט זיך, איז מען גערן, אַז זי הערט־אויף: „נא דיר, הייסט דאָס, אבי ווײן ניט!"... אַז זיי דערזעהען זי פון דערווייטען, ווערד זיי צעהן לעבער אין האַרצען. זיי פּרובען זיך מיט תירוצים: „מען איז ניטאָ אין דערהיים, אוועקגעפאָהרען פון יאַמפּעלע, שטאַרק פאַרגומען — בלאָטע! ווי אַ טוידטען באַנקעס! „אונזערס" מוז אָפּגעגעבען ווערען גאָר אָהן אַ שום תירוץ!... נאָר וואָס זאָלט איהר קלערען? ס'איז אודאי נישט גוט, אַז מע דאַרף אָנקומען צו־נ־אַ מענטשען, נאָר וואָס זאָל מען טהון? ווי זאָגט מען דאָס: כל זמן שהנשמה בקרבי — איז רייב, מאָטי! אַ מענטש, כל זמן ער לעבט, דאַרף ער עסען!...

שייך זאָגען עסען? נישט צוליעב דאָס עסען לעבט אַ מענטש. אַ מענטש איז דאָך ניט קיין בהמה. אַ בהמה איז אַ בהמה, און אַ מענטש איז אַ מענטש; און אַ מענטש, אַז ער וועט ניט עסען, פון וואַנען וועט ער לעבען? אָט דערפון אַליין קאָנט איהר שוין פאַרשטעהן, אַז מע האָט אַ ווייב מיט, קיין עין־הרע, נייען פּיקערס, באַדאַרף האָבען אַ שען פּנים אַ ברויט אָדער אַ בולקע, אַז מע לעגט אוועק אויפ'ן טיש. און אפילו אַ שיסעל קאַרטאָפעל, זי מעג

זיין מיט א בארג, איז גענוג איין פערטעל שעה, ס'זאָל ניט בלייבען קיין שריד ופליט, גלייך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל קיין קארטאָפעל ניט געווען אויף דער וועלט אפילו! ס'איז א מחיה צו קוקען, זאָג איך אייך, ווי מען עסט, קיין עין־הרע, ביי מיר. איך האָב ליעב צו זעהן ווי זיי עסען, איך האָב דערפון פארגעניגען. און ווער שמועסט פרייטאָג, אז מע נעמט־ארוים די פרישע שמעקענדיגע חלה פונ'ם אויווען, רוף איך צונויף מיין חברה און זאָג זיי: „קינדער, ראטעוועט!" — זאָלט איהר זעהן, ווי מע ראטעוועט — מחיה נפשות! און אז גאָט העלפט, ס'איז פארהאן צו דער פרישער חלה א ראָסעלפלייש, א הייס, מיט קנאָבעל און מיט „סאָוועסט", מיט יויך הייסט עס, געוויינטליך, מעהר יויך ווי פלייש, מע קאָן זאָגען כמעט סאמע יויך, דעמאָלט קאָן מען טונקען און טונקען — און, נישקשה, מען איז, ברוך השם, גאנץ צופריעדען. ווארום וואָס טהוט מען חלילה, אז ס'איז דאָס אויך נישטאָ? האָט מען א ברירה דעמאָלט עסען חלה מיט ברויט, דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגען ברויט מיט חלה. א ביס ברויט, א ביס חלה, און גלויבט מיר — פאר א הונגערינען מאָגען איז דאָס אויך א מאכל. והראיה, נעמט לימאָנאד — איהר האָט ווען געגעסען ברויט מיט לימאָנאד? קיינמאָל ניט? פארזוכט א מאָל אויף א ציקאווועסט, נאָר בתנאי, איהר זאָלט זיך פריהער רעכט אויסהונגערען, אזוי, אז ס'זאָל אייך חלש'ען דאָס האַרץ, ציטערען די הענט און ציהען די אָדערען פון די פיס, וועט איהר דעמאָלט בנאמנות פיהלען טעם גן־עדן. אזוי שטיפעלט דאָס אפילו ביי דער צונג, ווי, געוויינטליך, לימאָנאד, נאָר אז מען איז הונגעריג, און מען עסט דאָס מיט ברויט, איז דאָס א מאכל־מלכים!

איך זעה, איהר חידוש'ט זיך, וואָס איך בין אזוי קלאָר אין „הלכות אכילה"? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז ביי אונז אין כתרילעווקע הייס איך פון די „פרעסערס", דערפאר, פארשטעהט איהר מיך, וואָס איך גיה מיט דעם גאנג, אז א מענטש לעבט איין מאָל, ניט קיין צוויי מאָל, און אז מען עסט א גאנצע וואָך

מכות און שבת קדחת, דאַרף מען זעהן חאָטש יום־טוב זיך אָנ־
טהון אביסעל וואוילטאָג. וואָס זאָגט איהר, ניט אזוי? דעריבער
אַז עס קומט ביי מיר שבועות, מעג זיך איבערקעהרען די וועלט.
פאַרהאַן פאַר וואָס, צי ס'איז ניטאָ פאַר וואָס, — אַ מילכיגע
סעודה דאָס מוז זיין, גאָר אָהן אַ שום תירוץ! קודם כל — ציקאָריע
מיט מילך; דאָס איז שוין אַ חוק ולא יעבור, וואָרום „זי", אַז
עס קומט שבועות־צייט, הויבט איהר שוין אָן צו ציהען, זאָגט זי,
דאָס הארץ נאָכ'ן גלעזעל ציקאָריע! דאָס גלעזעל ציקאָריע איז
ביי איהר, זאָגט זי, טייערער פונ'ם גאַנצען מילכיגס! מאָהלט
אייך, לאָז זיך אייך דאַכטען, אַז ס'איז נאָר גערעדט אזוי; וואָרום
נאָכ'ן גלעזעל ציקאָריע ווילט זיך נאָך עפּיס — למשל, באָרשט.
איך מיין דעם שענעם גרינעם מילכיגען שבועות'דיגען באָרשט,
וואָס מיט באָטווינע, מיט ציבעלקעלעך און מיט יונגע בורעקלעך
פאַרבראָקט און מיט סמעטענע פאַרווייסט. אַ כפּרה, הערט איהר,
אלע עסענס פאַר איין מילכיגען באָרשט אַ גוטען! ביי אונז, אין
געמיינעם גראַד, ווען עס זאָל חלילה נישט זיין קיין באָרשט, וואָלט
מען געווים נישט אויסגעהאַלטען אידישקייט, ניט פּסח, ניט
שבועות! דער חילוק איז נאָר אין דעם, וואָס צום פּסח'יגען
באָרשט מוז מען האָבען אַ שטיקעל פלייש, אָדער אַביינדעל, אָדער
אַ לעפעל שמאַלץ, און צום שבועות'דיגען באָרשט באַדאַרף מען
נישט האָבען גאָרנישט ניט! איז פאַרהאַן אַ קאַפּ מילך אויף צו
פאַרווייסען דעם באָרשט — איז גוט, אלא ניט — מוז מען זיך
באַגעהן דערמיט, וואָס ער איז געקאָכט אין אַ מילכיגען טאָפּ.
וואָרום מיין חאַליאַסטרע, קיין עין־הרע, מע זאָל זיך צו זיי וועלען
צולאָזען און געבען חליעפּטשען ריינע מילך, איז ניט שייך צו
זאָגען אַ ציעג, — דריי ציעגען וואָלט געווען ווינציג, און מיר
בסך הכל פאַרמאָגען אונזער אייגענס אַ האַלבע ציעג, מיר האָבען,
הייסט דאָס, בשותפות מיט אַ שכן אַ ציעג האָבען מיר. אַ ווילדע
זאַך, זי געהט ביי אונז אלע מאָל אין שאָדען, און מיר האָבען פון
איהר אָפּגעשניטענע יאָהר! ניט לאַנג האָט זי זיך מיישב געווען, די

ציעג הייסט עס, און הערט זיך גאָר אויף צו מעלקען, דאָס הייסט, מעלקען מעלקט זי זיך, נאָר קיין מילך גיט זי ניט; הײנט געה ציה ארוים פון אזא חיה קרעפּלעך מיט וואַרעניקעס! „אוי, זאָג איך צו מיין ווייב, קרעפּלעך! איך וואָלט אוועקגעגעבן, זאָג איך, פאַר מילכיגע קרעפּלעך אָדער וואַרעניקעס איך ווייס אַליין ניט וואָס! טאָמער וואָלסט דו טאָקי געזעהן, שרה־זיסעל, ס'זאָל זיין, זאָג איך, קרעפּלעך, אם ירצה השם, אויף שבועות?"... מאַכט זי צו מיר: „פון וואָס, למשל?" זאָג איך: „דערוויף ביזט דו דאָך עפּים א בעל־הבית'טע ביי מיר". זאָגט זי: „צו קרעפּלעך באַדאַרף זיין אייער — דאָס ווייסט דו?" זאָג איך: „איך ווייס, פאַר וואָס זאָל איך ניט ויסען? א קונץ, זאָג איך, צו מאַכען קרעפּלעך מיט אייער? ווייז א בריה'שאַפט אָהן אייער!" זאָגט זי: „חכם בלילה! וואָס זשע טהוט מען מיט קעז?" זאָג איך: „מיט קעז וואָלט שוין געווען נישקשה, שלעכט איז, וואָס אָהן קעז!" זאָגט זי: „היינט וואָס זשע ווילסט דו?" זאָג איך: „ווייל איך, זאָלסט חאָטש מאַכען רעטשענע וואַרניטשקעס". זאָגט זי: „צו וואַרניטשקעס דאַרף מען פּוטער". זאָג איך: „וואו שטעהט דאָס געשריבען? אין ספר פּראַלניק?" זאָגט זי: „דו דאַרפסט בעסער וויסען וואו עס שטעהט געשריבען, דו האָסט געלערענט אין חדר". זאָג איך: „ווייסט דו וואָס, מיין ווייב, וואָס איך וועל דיר זאָגען? אזוי ווי מיר האָבען נישט קיין אייער, און נישט קיין קעז, און נישט קיין פּוטער, טאָ לאָמיר חאָטש אזוי אביסעל רעדען פון מילכיגס. וואָס וואָלסט דו, כדומה למשל, געמאַכט אויף שבועות צו דער סעודה, ווען דו זאָלסט, אשטייגער, האָבען מיט וואָס?" זאָגט זי: „צייט איך לעב האָב איך ניט געזעהן, א מענטש זאָל אזוי זיין אריינגעטהאָן אין דער אכילה!" זאָג איך: „וואָס וועט דיך אהרען, אז מיר וועלען אביסעל רעדען? עס קאָסט דיך געלט? לאָז זיך דיר דאַכטען, עלעהיי דו האָסט אַלסדינג, אי קעז, אי פּוטער, אי אייער — וואָס פאַר א מילכיגע סעודה וואָלסט דו מיר דעמאָלט מאַכען?"... זאָגט זי: „וואָס

וואָלסט דו וועלען, איך זאָל מאַכען?" זאָג איך: „אַ טייגעכץ"... זאָגט זי: „אַ וואָל־וסובאַ'ניק דאָס איז! אַ טייגעכץ נעמט צו די גאַנצע פּוטער"... זאָג איך: „לאָז זיין אַ מאַהינע"... זאָגט זי: „וואָס עפּיס אַ מאַהינע?"... זאָג איך: „ווילסט ניט קיין מאַ־הינע — לאָז זיין קנישעס"... זאָגט זי: „מיט וואָס? מיט קאַשע?"... זאָג איך: „ס'אַ משל! מיט קאַשע איז דאָך עס שוין קאַשניקעס!"... זאָגט זי: „וועדליג דיין מאַנסבילשער קאָפּ פאַר־טראַגט, קומט אויס ביי דיר קאַשניקעס". זאָג איך: „מסתמא פאַרשטעהסט דו בעסער, איך וויל זיך מיט דיר ניט שפּאַרען. איך האָב פאַרגעסען, זאָג איך, רעכענען פיש געפּרעגעלטע אויף פּוטער. ווי מיינסטו דו?"... זאָגט זי: „אַלסדינג ווילט זיך איהם! מיינסט אודאי קאָרעשלעך?"... זאָג איך: „עס מעג זיין קאַרפּ, און עס אַהרט מיך ניט קיין שלייען, און מיט העכטלעך, זאָג איך, וועט מען זיך אויך ניט סמ'ען, און אפילו טאָמער חלילה פּלאָטוויצעס, וועל איך דיר אויך קיין גט נישט געבען, אבי ס'זאָל זיין, זאָג איך, גוט געפּרעגעלט"... זאָגט זי: „אַ טרפה'נער האַלז דאָס איז! איך האָב מורא, דו וועסט זיך ניט אָפּזאָגען פון גע־קאָכטע פּעפּעריגע רויג מיט קאַרטאָפּעל"... זאָג איך: „אָך! מיט'ן גרעסטען כבוד! אבי ס'זאָל זיין, זאָג איך, נאָכדעם גוטע מנישקעס"... זאָגט זי: „אַ קישקע אָהן אַ דנאָ! בלינצעס קערסט דו מיינען?"... זאָג איך: „ניין, בפירוש מנישקעס! בלינצעס איז זיך בלינצעס, און מנישקעס איז מנישקעס! מנישקעס — דאָס איז אַזאַ מין מאכל, זאָג איך, וואָס האָט אַ טעם פון צרות־קניידלעך. וואָלסט מאַכען צרות־קניידלעך, זאָג איך, צי אפשר, גלאַט קנייד־לעך מיט מילך?"... זאָגט זי: „איהם איז קנאַפּ די וועלט! איך וואָלט דיר אפשר מאַכען אַ מילכיגען קאָליש?"... זאָג איך: „מיינסט אודאי, מיט האָלעשקעס אָדער מיט באַלאַבעשקעס?"... זאָגט זי: „באַלאַבעשקעס? פּע! אַ קבצנישער מאכל!" זאָג איך: „ביזט דו די גרויסע גביר'טע, אפנים?"... זאָגט זי: „קיין גביר'טע בין איך ניט, האָב איך חאָטש אַ משפחה אַ רייכע"...

זאָג איך: „א סך האָסטו דו פֿון דיין משפּחה!"... זאָגט זי: „מעהרער ווי דו פֿון דיין משפּחה אודאי!"...

בקיצור, מיין משפּחה, דיין משפּחה — א וואָרט פֿאר א וואָרט, ווי געוויינטליך מאַן און ווייב, אַז זיי צעווערטלען זיך; מע צע־קריעגט זיך און מע בעט זיך גיך איבער, וואָרום עס איז דאָך יום־טוב, שבועות אויף דער וועלט! און שבועות איז דאָך דער בעס־טער ליעבסטער יום־טוב פֿון אַלע ימים־טובים, וואָרום וואו האָט איהר נאָך אזא ליעבע, זיסע, געשמאַקע זאַך, ווי אַז מען איז פֿריהער א גאַנצע נאַכט אויף, מע זאָגט זיך אָן, ווי א פּויק, מיט תקון־שבועות, מע געהט־דורך פּאַוואָלינקע אַלע תרי"ג מצוות, די גאַנצע תורה הייסט דאָס, און מע שטעהט־אויף גאַנץ פֿריה פֿונ'ם תקון־שבועות און גלייך אין שוהל אריין, און דאָרטען, אויפ'ן ניכטערען הארצען, הערט מען זיך דאָס אָן אביסעל פֿונ'ם שענעם „אקדמות" יענע טייערסטע מאכלים, פֿונ'ם לויתן מיט'ן שור־הבר, וואָס הקדוש־ברוך־הוא האָט אַליין אָנגעגרייט פֿאר זיינע אידעלעך אין גן־עדן, וואָס טייכען וועלען דאָרטען פֿליסען בוימעל, און דער אַלטער טייערסטער וויין שטעהט שוין דאָרטען פֿון ווען־אָן פֿארקאָרקעוועט אין די פֿלעשער און ווארט, ווארט אויף אונז... ס'איז דאָך ניט שייך צו זאָגען! וואו האָט איהר נאָך אזא אומה ולשון, ווי אידען, מיט אזוי פֿיעל גוטע זאַכען, ווי ביי אידען?... ס'איז נאָר א גריי־זאָטע, כלעבען, וואָס מיר האָבען מעהר ניט ווי איין מאָל אין יאָהר שבועות!... האָט איהר ניט ביי זיך א סיגארעטעל?...

# אַ גרינגער תענית

אַ בילד לכבוד תשעה־באָב.

נעשריבען אין יאָהר 1903.

# א גרינגער תענית

דאָס, וואָס ס'האָט נישט געקאָנט אויספיהרען דער בעריהמ־טער דאָקטער טאַנער, האָט דורכגעפיהרט חיים חייקין, א קליין אָרעם אידעל פונ'ם קליינעם אָרעמען כתרילעווקע.

דער דאָקטאָר טאַנער האָט געוואָלט ווייזען, אז א מענש קאָן פאַסטען פערציג טעג, און האָט זיך אָפּגעמוטשעט בסך־הכל אויב נישט א טאָג אכט און צוואַנציג, נישט מעהר, שיער נישט געשטאָר־בען. אי דאָס, האָט מען איהם אונטערגעגאָסען מיט לעפעלעך וואַסער, געגעבען שלינגען שטיקלעך אייז, צוגעהאַלטען דעם דופק — א גאַנצער טאַרעראַם!

חיים חייקין האָט בעוויזען, אז מע קאָן פאַסטען א סך מעהר ווי פערציג טעג, געוויינטליך נישט רצופים, נישט איין טאָג נאָכ'ן אַנדערען, נאָר דורכ'ן יאָהר זאָל זיך אָננעמען א מאה טעג — אויב נישט מעהר.

נאָר פאַסטען!

וואָס מיר טראָפּפענס וואַסער? ווער מיר שטיקלעך אייז? פאַסטען הייסט: נישט געגעסען, נישט געטרונקען א מעת־לעת, אמת'ע פיער און צוואַנציג שעה.

און קיין דאָקטוירים זיצען נישט ביי דער זייט, און האַלטען נישט ביי'ם דופק. שאַ, שטיל!

וואָס איז די מעשה?

חיים חייקין איז נעבאך א גרויסער אביון און א מטופל מיט קינדער — און פון זיי, פון די קינדער, איז ער זיך מפרנס.

קינדער האָט ער, מיינסטענס, מיידלעך, און זיי זענען אויף דער „פּאַבריקע”, זיי ארבייטען גילזען, און פערדיענען ווער א גילדען און ווער א האַלבען גילדען א טאָג. אי דאָס — נישט אַלע טאָג: וואו איז שבתים? ימים־טובים? וואו זענען די טעג פון „שטרייק”? דאַנקען גאָט, אומעטום, אפילו דאָ אין כתרילעווקע, ווייסט מען שוין: שטרייק!

און דערפון דאַרף מען צאָהלען דירה־געלד — א נאָס ווינקעל ערגיץ אין א קעלער.

און דערפון דאַרף מען קליידען אַלעמען און שוכען, משטיינס געזאָגט! קליידלעך האָבען אַלע, נאָר שיך — א פּאָר אויף צווייען.

און דערפון דאַרף מען עסען, משטיינס געזאָגט! מכות עסט מען; ברויט א שטיקעל, אָנגעשמירט מיט קנאָבעל, אמאָל א קרופּ־ניק, אמאָל טאַראַן א שטיקעל, וואָס ברענט־ארויס דאָס האַרץ, קאָן מען נאָכדעם טרינקען, טרינקען א גאַנצע נאַכט.

קומט צום עסען, דאַרף מען טיילען, אַלעמען ארויסטיילען דאָס שטיקעל ברויט, ווי לעקאַך.

— אוי דאָס עסען! אוי דאָס עסען זייערס!

אזוי זאָגט חייקע, חיים חייקין'ס ווייב, א קראַנקע נעבאך, הוסט, הוסט גאַנצע נעכט.

— קיין עין־הרע! — זאָגט דער פאָטער חיים חייקין, און ער קוקט, ווי די קינדער שלינגען גאַנצע שטיקער ברויט, און אליין וואָלט ער אויך עפּיס א בעלן זיין נעמען אין מויל אריין, נאָר אז ער וועט נעמען — וועלען די צוויי קליינינטשקע, פריידקע אוןביילקע, בלייבען אָהן וועטשערע.

און ער צעשניידט זיין חלק ברויט אויף צווייען און גיט אוועק די צוויי קליינינטשקע, פריידקען און ביילקען.

— פריידקע! ביילקע! נאַט אייך נאָך צו שטיקלעך ברויט, וועט זיין אויף וועטשערע.

פריידקע און ביילקע ציהען־ארויס די דאַרע שוואַרצע הענט־לעך, קוקען דעם פאָטער אין די אויגען אריין, גלויבען נישט:

אפשר טרייבט ער דאָס קאַטאָוועס?... קינדער זענען נאַשערס: שפּיעלען זיך מיט'ן טאַטענ'ס חלק ברויט אַזוי לאַנג, ביז זיי בייסען־אָפּ אַלע מאָל אַ שטיקעל. דערזעהט די מוטער און הויבט אָן שרייען און הוסטען בשעת מעשה:

— רק מען עסט, רק מען עסט!

דער פאָטער קאָן דאָס נישט הערכען, ווייל איהר אָפּענטפּערען, נאָר ער שווייגט; ער קאָן נישט רעדען, ער טאָר נישט רעדען. וואָס איז ער דאָ? אַ צעבראָכענער שאַרבען. ער איז דאָ דער לעצטער שבלעצטער, איבעריג ביי אַלעמען, איבעריג ביי זיי, איבעריג ביי זיך אַליין.

וואָס, משטיינס געזאָגט, אַז טהון טהוט ער גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט; נישט מחמת ער וויל נישט, אָדער מחמת עס שטעהט איהם נישט אָן, נאָר ווייל ס'איז נישטאָ וואָס צו טהון! נישטאָ און גענוג! דאָס גאַנצע שטעדטעל קלאָגט זיך, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טהון! צונויפגעטריבען, קיין עין־הרע, אַביסעל אידען, אַ שמחה, נו־נו!

„גם זו לטובה!" — אַזוי טראַכט חיים חייקין. גוט, וואָס ער האָט חאָטש קינדער, אַנדערע האָבען דאָס אויך נישט. נאָר אַרויסקוקען אויף קינדער!?

הערט איהר? נישט גוט, אַז מע דאַרף אַרויסקוקען אויף קינדער. נישט מחמת זיי זשאַלעווען איהם — חלילה! נאָר ער אַליין קאָן נישט. ער קאָן נישט!

ער ווייסט, ווי אַזוי די קינדער האָרעווען זיך אָן דעם טאָג; ער ווייסט, אַז מע קוועטשט פון זיי אַרויס דעם שוויים ביז'ן לעצטען טראָפּען. ער ווייסט!

יעדער ביסען ברויט איז ביי איהם אַ טראָפּען בלוט; ער טרינקט די קינדער'ס בלוט. איהר הערט? ער, חיים חייקין, טרינקט זייער בלוט. ער קאָן נישט!

— טאַטע, פאַר וואָס עסט דו נישט? — פרעגען איהם די קינדער.

— ביי מיר איז היינט... אַ תענית. — ענטפערט זיי חיים חייקין.

— וויעדער אַ תענית? וויפיעל תעניתים האָסט דו דאָס?

— ווינציגער, וויפיעל טעג אין וואָך.

און חיים חייקין זאָגט נישט קיין ליגען. ביי איהם איז אָפט אַ תענית. און דאָך איז פאַרהאַן טעג אַזעלכע, וואָס ער עסט.

און דער טאָג, וואָס חיים חייקין פאַסט, איז ביי איהם דער בעסטער טאָג.

ראשית, איז דאָך דאָס אַ מצוה פאַר גאָט. מעהר מיט אַ שטי־קעל עולם הבא, וואַכסט פּראָצענט, ווערד גרעסער דאָס קאַפּיטאַל...

והשנית, געהט נישט אַוועק אויף מיר קיין פּרוטה, איך דאַרף פאַר קיינעם נישט אָפּגעבען קיין דין וחשבון. אמת, קיינער פרעגט טאַקי נישט ביי מיר; נאָר צו וואָס דאַרף איך דאָס, אַז איך קאָן זיך בעגעהן אַזוי?...

און וואָס איז ווערטה אָט דאָס, וואָס איך פיהל זיך עטוואָס העכער פון אַ בהמה? אַ בהמה עסט אַלע טאָג, איך קאָן מיך בעגעהן אַ טאָג איבער אַ טאָג. אַ מענטש דאַרף שטעהן העכער פון, להבדיל, אַ בהמה.

— אַך, ווען אַ מענטש זאָל קאָנען דערגעהן צו דער מדרגה, אַז מע זאָל זיך באַגעהן גאָר אָהן עסען!... איז אָבער די קישקע, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! — אַזוי זאָגט חיים חייקין צו זיך אַליין, און מחמת הונגער הויבט ער אָן צו חקירה׳ן, זיך אַריינלאָזען אין פילאָזאָפיע.

— איבער דער קישקע, איבער דער תאוה פון עסען, נעמען זיך אַלע צרות אויף דער וועלט. איבער דער קישקע, איבער דער תאוה פון עסען, בין איך אַ קבצן און מיינע קינדער באַדאַרפען האָרעווען מיט׳ן בלוטיגען שוויים, ריזיקירען מיט׳ן לעבען פאַר׳ן שטיקעלע ברויט.

„וואָס וואָלט זיין, למשל, ווען אַ מענטש זאָל נישט באַדאַרפען עסען? אי־אי־אי! מיינע קינדער וואָלטען דעמאָלט זיין אַלע אין דערהיים! אוים האָרעווען! אוים שוויצען! אוים סטרייקע־ווען! אוים ריזיקע! אוים פאַבריקען! אוים פאַבריקאַנט! אוים נגיד! אוים קבצן! אוים קנאה! אוים שנאה! אוים, אוים, אוים! — אַ גן־עדן! אַ גן־עדן!“...

אזוי טראַכט זיך חיים חייקין און פערטיעפט זיך ווייט אין חקירות און בעדויערט די וויסטע וועלט, און עס טהוט איהם באַנג, זעהר באַנג, פאַר וואָס גאָט האָט בעשאַפען אַזוי דעם מענשען, אַז ער איז גאָר נישט ווייט פון, להבדיל, אַ בהמה...

---

דער טאָג, וואָס חיים חייקין פאַסט, זאָג איך אייך, איז דער בעסטער טאָג פאַר איהם, און דער טאָג פון איין אמת'ען תענית, פון תשעה־באָב, למשל, — איז פאַר איהם (ער שעמט זיך מודה זיין) אַ יום־טוב!

איהר פערשטעהט? אי נישט געגעסען, אי נישט קיין בהמה, אי נישט נהנה געווען די קינדער'ס בלוט, אי פערדיענט אַ מצוה, אי רעכט אויסגעוויינט זיך אויף חורבן בית־המקדש.

וואָרום ווי קאָן מען וויינען, אַז מען איז זאַט? ווי קאָן אַ זאַטער פיהלען צרות? אום צו פיהלען צרות בעדאַרף חלש'ען דאָס האַרץ!

— דער גוטער יאָהר ווייסט זיי! געבען נאָך דער קישקע, האָבען מורא פאַסטען, שענקען זיי חאַבאַר דעם רבונו של עולם — אַ גראָשען!

אזוי פלעגט זאָגען חיים חייקין און האָט געפייערט אויף די, וואָס קויפען זיך אויס פון תענית און וואַרפען־אַריין אין צדקה־פושקע אַ האַרטען דרייער.

דער שווערסטער פון אַלע תעניתים איז תשעה־באָב. אזוי זאָגט די וועלט.

חיים חייקין פערשטעהט נישט, פאר וואס? דער טאג איז גרויס? איז די נאכט קלענער. ס'איז הייס אין דרויסען? ווער הייסט אייך ארומדרעהען זיך אויף דער זון? זיצט אין שוהל און זאגט. פארהאן, דאנקען גאט, וואס צו זאגען.

— און איך זאג אייך, — אזוי דרינגט חיים חייקין — אז תשעה־באב איז דער גרינגסטער פון אלע תעניתים, ווייל ער איז דער בעסטער. דער בעסטער תענית!

למשל: יום־כפור א תענית. „ועניתם את נפשותיכם" שטעהט געשריבען: „און איהר זאלט פייניגען אייערע לייבער". בכדי וואס? בכדי איהר זאלט אייך אויסבעטען א גוט קוויטעל, א גוט יאהר.

תשעה־באב שטעהט נישט, איהר זאלט פאסטען, נאר איהר פאסט אליין, ווארום ווי קאנט איהר עסען דעם טאג, ווען ס'איז חרוב געווארען דאס בית־המקדש און אידען האט מען גע'הרג'עט, ווייבער צעשניטען, קינדער געקוילעט?...

תשעה־באב שטעהט נישט, מע זאל וויינען, נאר עס וויינט זיך אליין, ווארום ווי קאן מען זיך איינהאלטען פון טרערען, אז מע דערמאנט זיך, וואס מיר האבען יענעם טאג פערלוירען?...

— איין עבירה, וואס נאר איין תשעה־באב! — זאגט חיים חייקין. — איין עבירה, וואס נאר איין יום־כפור...

— נו, און שבעה־עשר־בתמוז? — רופט זיך אפ איינער פון דער זייט.

— מעהר נישט איין שבעה־עשר־בתמוז! — ענטפערט איהם חיים חייקין מיט א זיפץ.

— נו, און צום־גדליה? און אסתר־תענית? — פרעגט איהם יענער ווייטער.

— מעהר נישט, אז איין צום־גדליה! איין תענית־אסתר! — ענטפערט חיים חייקין ווייטער מיט א זיפץ.

— ע, רב חיים! איהר זענט דאך עפּיס גאר א זולל־וסובא'ניק אויף תעניתים!

— קאַרג תעניתים, קאַרג תעניתים! — זאָגט חיים חייקין, און ער נעמט אויף זיך פון איצט אָן און ווייטער פאַסטען ערב תשעה־באָב אויך, צוויי טאָג רצופים, איינס נאָכ׳ן אַנדערע.

א וואוילע זאַך צוויי טאָג כסדר פאַסטען. הערט איהר? מחיה נפשות!

שווער איז נאָר דאָס טרינקען! דאָס הייסט: שווער איז דאָס, וואָס מע קאָן נישט טרינקען! חיים חייקין נעמט זיך אונ־טער: מיט איין גלאָז וואַסער אַלע טאָג פאַסט ער אייך א גאַנצע וואָך ביז שבת.

איהר מיינט, ס׳איז נאָר געזאָגט? בלאָטע! חיים חייקין איז א מענש, וואָס ביי איהם איז אומר ועושה — געזאָגט און געטהאָן.

די גאַנצע וואָך, וואָס פאַר תשעה־באָב, האָט ער שוין אויפ־געהערט עסען, געלעבט מיט א ביסעל וואַסער.

ווער האָט זיך אויף איהם אַרומגעקוקט? אז חייקע זיין ווייב איז געבאַך קראַנק, די עלטערע קינדער זענען ביי די גילזעס, די קלענערע פערשטעהען נאָך נישט. פריידקע און ביילקע ווייסען נאָר, אַז זיי זענען הונגעריג (און הונגעריג זענען זיי תמיד), ציהט זיי נעבאָך דאָס האַרץ און זיי ווילען עסען.

— היינט האָט איהר נאָך א חלק ברויט. — זאָגט זיי דער פאָטער און צעשניידט זיי אויף צווייען זיין חלק ברויט, און פראַדקע און ביילקע ציהען אוים די דאַרע שוואַרצע הענטלעך און קוועלען.

— טאַטע, דו עסט נישט? — זאָגען איהם די עלטערע אויף דערנאַכט בשעת וועטשערע. — היינט איז דאָך נישט קיין תענית!

— אָסור אויב איך פאַסט! — זאָגט זיי דער פאָטער און טראַכט זיך: „אי אָפּגענאַרט, אי קיין ליגען נישט געזאָגט. וואָרום וואָס איז א טרונק וואַסער? וואַסער איז נישט געגעסען און נישט געפאַסט“.

---

און אז ס'איז געקומען ערב תשעה־באָב, פּיהלט זיך חיים אַזוי גוט און אַזוי גרינג, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער פּיהלט, אַז נישט נאָר ער דאַרף פאַרפאַסטען זיך, אַז נישט נאָר ער וויל עפּיס נעמען אין מויל אַריין, פּערקעהרט — ער פּיהלט, אַז ווען ער נעמט עפּיס אַ האַרטע זאַך, קריכט דאָס נישט אין האַלז. עס קריכט נישט — נו!

דאָס הייסט: עס חלש'ט טאַקי דאָס האַרץ זעהר גוט, און הענד און פיס ציטערען טאַקי; עס ציהט, עס ציהט צו דער ערד, די כחות געהען אויס, און עס מלאָסנעט, און עס נודעט אויף צו חלש'ען. נאָר פּע! וואָס הייסט? אַ גאַנצע וואָך געפאַסט און געקומען ערב תשעה באָב — נישט אויסגעהאַלטען!?

און חיים חייקין נעמט זיין חלק ברויט מיט בולבעס, רופט צו די קליינע פריידקע מיט דער קליינער ביילקע און זאָגט זיי שטי־לערהייד:

— קינדער, נאַט אייך, עסט, און די מאַמע לאָז נישט זעהען.

און פריידקע און ביילקע נעמען דעם טאַטענ'ס חלק ברויט מיט בולבעס, קוקען אויפ'ן פאָטער'ס פּנים, ווי ס'איז טוידט, און אויף די הענד, ווי זיי ציטערען און טרייסלען זיך.

און חיים קוקט, ווי די קינדער חאַפּען, עסען, שלינגען, און ער שלינגט די שליים, מאַכט־צו די אויגען, הויבט זיך אויף פון אָרט, קאָן זיך נישט דערוואַרטען אויף די קינדער, וואָס זענען ביי די גילזעס, נעמט מיט זיך די קינות, טהוט אויס די שיך, געהט־אַוועק אין שוהל, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס.

---

אין שוהל איז ער כמעט דער ערשטער. פערהאַפּט ער איין אָרט נעבען חזן, אויף דער איבערגעקעהרטער באַנק, וואָס ליגט מיט די פיסלעך אַרויף, בעוואָהרענט זיך מיט אַ שטיקעל שנויץ, וואָס ער שמעלצט דאָס צו צום פיסעל פון דער באַנק, און אַליין שפּאַרט ער זיך אָן צום ווענטעל פון דער בימה, עפענט אויף די קינות:

„אלי ציון ועריה — קלאָג, ציון, מיט אַלע אַלע שטעדט"... און ער פערמאַכט די אויגען און זעהט: „ציון", אַ פּאַרשוין, אַ בילד פון אַ נקבה, שטעהט אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, מיט אַ שוואַרצען שלייער אויפ'ן פּנים, קלאָגט און וויינט און ברעכט די הענד, בעדויערט איהרע קינדער, וואָס פאַלען אַלע טאָג, אויף פרעמדע ערדען, פאַר פרעמדע זינד.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צי ווילסט דו, ציון, דען ביי מיר נישט פרעגען
אויף דיינע עלענדע, וואָס זיפצען אַזוי שווער?
אָט טראָג איך זייערע גרוסען דיר אַקעגען —
דיין רעשטעל, וועה! דו האָסט דאָך שוין נישט מעהר!...

און ער עפענט־אויף די אויגען און זעהט שוין נישט מעהר ציון, די בילד־שענע נקבה. ער דערזעהט:

פונ'ם פערפאָראָשעטען שטויביגען פענסטער מיט די פערברו־דיגטע שויבען קוקט־אריין אַ שאַרפער שטראַהל פון דער זון, וואָס האַלט ביי אונטערגעהן אויף יענער זייט שטעדטעל. און חאָטש ער מאַכט די אויגען צו, דאָך זעהט ער דעם שטראַהל, און נישט נאָר דעם שטראַהל אַליין — די גאַנצע זון, די שענע ליכטיגע זון, וואָס קיינער קאָן זי נישט זעהען, קיינער, נאָר ער אַליין! חיים חייקין קוקט אויף איהר און זעהט זי — און גאָרנישט! פאַר וואָס? דערפאַר, אַפּנים, וואָס ער איז אויסגעטהאָן פון דער וועלט מיט אַלע איהרע תאוות... איהם איז גוט... איהם איז גרינג... ער קאָן שוין אַלץ איבערטראָגען... ער וועט האָבען אַ גרינגען תענית... איהר ווייסט, ער וועט היינט האָבען אַ גרינגען, גרינגען תענית!

און חיים חייקין האַלט די אויגען צו און זעהט פאַר זיך אַ מאָדנע וועלט, אַ נייע וועלט, אַזעלכע, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל, קיינמאָל נישט געזעהען. מלאכים עפּיס שוועבען איהם פאַר די אויגען, און ער קוקט אויף זיי און דערקענט אין זיי זיינע קינדער,

אלע, די גרויסע און די קליינע, און ער וויל זיי עפּים זאָגען, און ער קאָן נישט רעדען... ער וויל זיך פערענטפערען פאַר זיי, אַז ער איז נישט שולדיג... נישט ער איז שולדיג!... וואָס איז ער, חיים, שולדיג, אַז, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל אידען האָבען זיך צונויפגעקאָמפּאַניעט אַלע אויף איין שטיקעל אָרט, קוועטשען, דריקען, עסען איינס דאָס אַנדערע? וואָס איז ער שולדיג, אַז מענשען דאַרפען יענעמ׳ס שוויים, אַז מענשען דאַרפען מענשען־בלוט? וואָס איז ער שולדיג, אַז מענשען זענען נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז אַ מענש אַ מענשען זאָל נישט טרייבען, ווי מע טרייבט אַ פערד צו דער אַרבייט? אַז אויף אַ פערד איז אויך אַ רחמנות — גאָט׳ס בעשעפעניש, צער בעלי־חיים?...

און חיים חייקין האַלט־צו די אויגען און זעהט, זעהט אַלס־דינג, די גאַנצע וועלט, אַלע וועלטען, און אַלץ איז העל און גרינג, און עס קויקעלט זיך ווי אַ רויך, און ער פיהלט, אַז עס גערט עפּים פון לייב ביי איהם, פון אינווענינג, פון האַרצען, און ציהט זיך, ציהט זיך גלייך אַרויף, און טיילט זיך אָפּ פון גוף, און ער פיהלט זיך גרינג, זעהר־זעהר גרינג, און לאָזט אַרויס אַ טיעפען זיפץ, אַ לאַנגען, לאַנגען קרעכץ. און עס ווערד איהם גרינג. און נאָכדעם פיהלט ער — גאָרנישט, גאָלע גאָרנישט...

---

אַז בערע דער שמש, אַ רויטקאָלטענוואַטע אידעל מיט אַ בולבעיוואַטער ליפּ, איז געקומען צו געהן אין שוהל אַריין אין די זאַקען מיט די אויסגעטרעטענע פּיאַטעס און דערזעהען, ווי חיים חייקין זיצט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַרויף, די אויגען אָפען, האָט דאָס איהם פערדראָסען. געדעכענט, אַז ער דרימעלט, און האָט אָנגעהויבען וואָרטשען, בייזערען און וואָרפען זיך:

— איין עזות פון אַ אידען... זיך צעלעגט אביסעל... דער גראַף פּשאַנגוצקי דאַרף אַזוי נישט זיצען... אפּנים, רעכט פאַר־

ביסען... אהער געקומען שלאָפען... רב חיים, זייט זשע מוחל, עי, רב חיים!... רב ח־יי־ם!...

---

די לעצטע שטראַהלען פון דער זון האָבען אַריינגעשאָסען דורכ׳ן שוהל־פענסטער און געפאַלען גלייך אויף חיים חייקינ׳ס רוהיג פּנים מיט די שוואַרצע גלאַנצענדיגע גרייזעלדיגע האָר, מיט די שוואַרצע געדיכטע ברעמען, מיט די האַלב־אָפענע גוטע, שוואַרצע, הונגעריגע אויגען, און האָבען דורכגעלייכט דאָס טוידטע, בלאַסע, שטענדיג הונגעריגע פּנים דורך און דורך.

*  *
*

יאָ, חיים חייקין האָט געהאַט אַ גרינגען־גרינגען תענית.

# צוויי טוידטע

(לכבוד פורים).

---

## פ אָ ר ר ע ד ע.

„טוידטע“? „לכבוד פורים“? אין אזא יום־טוב, וואָס איז א מצוה, אז א איד זאָל זיך מאכען שכור און א מחבר זאָל זיך מאכען נאריש, פערשטעלען זיך פאר א מארשעלאָק?! איך וויים, לעזער, אז ס'איז היינט פורים און אז דו דארפסט זיך מאכען שכור און אז איך דארף זיך מאכען נאריש — און איך געב דיר פאָרט א מעשה פון צוויי טוידטע — פערפאלען! דאָס איינציגע, וואָס איך קאָן דיר העלפען, איז נאָר מיט איין עצה: אויב דו האָסט שוואכע נערוועז, זאָלסט דו אקעגען נאכט די מעשה ניט לייענען.

---

## ק א פ י ט ע ל א י י נ ס.

חלאוונע, א שווארץ, א נידעריג־געוואכסען און גוט־געפּאקט אידעל, איז געווען א מענש, וואָס האָט ליעב געהאט דעם טרונק. א גליק, וואָס ער איז געבוירען פון א אידען מיט א אידינע, אניט וואָלט ער זיכער געווען א שכור. איך וועל אייך ניט ערב זיין, אז וויל ער איז געווען א איד, האָט איהם די אידישקייט ניט געלאָזט טרינקען א סך. עס קאָן זעהר שען געמאָהלט זיין, אז טרינקען וואָלט ער אפשר געקאָנט פאר דריי גויים, האָט ער אָבער ניט גע־האָט פאר וואָס. זיין ווייב גיטעל האָט געפיהרט זיינע פינאנסען,

ניט געלאָזט, ס'זאָל אריינפאַלען צו איהם אין די הענד אריין א מזומנ'ער גראָשען. אומעטום, וואו ס'איז נאָר געווען שייך צו געלד, האָט זיך ארויסגעשטעלט גיטעל. ארבייטען האָט טאַקי גע־ארבייט ער, חלאוונע, הייסט עס (ער איז געווען, ער זאָל מיר מוחל זיין, א שוסטער), נאָר אָפּטראָגען די ארבייט און אָפּנעמען דאָס געלד — דאָס פלעגט שוין זי אליין, גיטעל, הייסט עס. פערשטעהט זיך, אז חלאוונען איז אזא מעשה ניט אָנגעשטאַנען.

— וואָס בין איך עפּים ביי דיר, א גנב, צי וואָס?

אזוי האָט געזאָגט חלאוונע צו זיין ווייב גיטעל און בעקומען פון איהר א קלאָרע תשובה אויפ'ן אָרט:

— חלילה! ווער זאָגט דען א גנב? ביזט נאָר א שכור. זאָג אפשר, אז ניין?

איינגאַנצען אָפּלייקענען און זאָגען ניין — איז חלאוונען איבער דער טבע. און ווידער צוריק, נעמען און מודה זיין זיך, אז ער האָט ליעב דעם ביטערען טראָפּען, איז איהם אָבער אויך ניט זעהר איינגענעמען. פאַלט ער אויף א שכל און וויל אָפּקומען מיט א ווערטעל, ווי זיין שטייגער איז, מחמת חלאוונע דער שוסטער האָט ליעב ניט נאָר א ביסעל בראָנפען — ער האָט ליעב אויך א ווער־טעל, ווי אלע כתרילעווצעס אין כתרילעווקע. ער קראַצט זיך אין באָרד, קוקט אויף דער סטעלי און זאָגט צו זיין ווייב גיטעל:

— בראָש ווערד אלסדינג אָנגערופען ביי איהר מיט'ן נאָמען שכור! האָסט מיך געזעהען, איך זאָל עמיצען שיקען? איך, אז איך וויל א ביסעל בראָנפען, געה איך און קויף.

— מעגסט שוין געהן טאַקי אין דער ערד אריין.

— אָך! אבי מיט דיר — אין פייער און אין וואַסער!

— נא דיר און ווער אנשטומט!

דאָס זאָגט גיטעל צו איהר מאַן דעם שוסטער און איז איהם מכבד פון יענער זייט ווארסטאַק מיט א פליהענדיגען שטיוועל, וואָס איז שוין כמעט איינגאַנצען פאַרטיג, נאָר עס פעהלט איהם א קאָ־רעק מיט צוויי ציילען פלעקלעך אין דער פאָרעשווע. חלאוונע

נעמט־צו די מתנה מיט א געלעכטער און מיט א גלייכווערטעל, ווי אלע מאָל. און ווער שמועסט, אז גיטעל קומט מיט געלד פאר זיין ארבייט און איז איהם אויף מנדר א פּאָר מזומנ׳ע גראָשענס, אויף פּאָדעם און אויף וואכס און אויף חזיר־האָר, דעמאָלט איז ער גאָר ווייך ווי פּוטער און זיס ווי האָניג, און האָט פון זיין ווייב גיטעל און פון אלע ווייבער פון דער גאַנצער וועלט בעת־מעשה איין אונגעהייער הויכע מיינונג. ער גלעט זיך דעם הויכען ווייסען שטערן (אלע שוסטערס האָבען הויכע ווייסע שטערנס) און רעדט פערטראַכט, מעשה פילאָזאָף:

— איך ווייס נישט, וואָס האָט דער שלמה המלך, זאָל מיר מוחל זיין, געהאַט צו די ווייבער, וואָס ער פלעגט זיי אזוי לעגען אין דער ערד אריין? דו ווייסט דאָך, וואָס שלמה המלך האָט גע־זאָגט אויף איך, צי ניין?

— וואָס דיין „שלמה־מלך" האָט דאָרטען געזאָגט — וויל איך גאָר ניט וויסען. דו בעסער געה אין מארק אריין נאָך פּאָדעם און נאָך וואַכס און נאָך חזיר־האָר, און זעה נאָר, פאַרבלאָנזע ניט אין שענק אריין.

חלאַוונע האָט זיך אַזש צעלאַכט פון אַזא ווילדען געדאַנק.

— א משל! עס האָט אַזאַ פּנים, אשטייגער כדומה, ווי מע זאָל זאָגען פרייטאָג צונאַכטס יקום־פורקן, אָדער שבת אינדערפריה לכה־דודי... וואו איז דער מאַרק און וואו איז דער שענק! און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר איין עובדה אין מיטען מיטוואָך שבת־צונאַכטס אין א שענק אריין?...

בעת מעשה צעהלט חלאַוונע די גראָשענס און לעגט איבער די מטבעות פון איין האַנד אין דער אַנדערער, קוקט פילאָזאָפיש אויף דער סטעלי מיט איין אויג, רעכענט אויס פּינקטליך, וויפיעל געלד ער בעדאַרף האָבען אויף פּאָדעם, וויפיעל אויף וואכס און וויפיעל אויף חזיר־האָר, און מיט א טיעפּען־טיעפען זיפץ און מיט שטילע טריט לאָזט ער זיך אַוועק גלייך אין שענק אריין.

## קאַפּיטעל צוויי.

ווי אזוי האָט געהייסען יענער חכם, וואָס האָט דערקלערט מיט זיין שכל, אז פורים זענען אַלע שכורים ניכטער? איך וואָלט איהם געזאָגט, אז ער איז מחילה א בהמה. פאַר וואָס זאָל א שכור דורכ־לאָזען אזא טאָג ווי פורים, ווען ס'איז א מצוה, אז א איד זאָל זיך אָנטרינקען ווי א גוי און זאָ. זיין שכור ווי לוט? דער ערשטער וואָלט פּראָטעסטירט קעגען דעם חלאָוונע דער שוסטער. איידער ער האָט דערלעבט דעם הייליגען פורים, זענען איהם שיער די אויגען ארויס. און אז ס'איז געקומען פורים, איז ער קודם אוועק אין שוהל צו דער מגילה, זיך אָפּגערעכענט מיט המנ'ען, איהם אויפ־געהאנגען אויף א בוים פופציג איילען די הויך אינאיינעם מיט זיינע צעהן בנים, און אָנשטאָט דעם, ער זאָל געהן אהיים פער־זוכען דעם יום־טוב'דיגען המן־טאַש, האָט ער זיך אריינגעחאפּט אויף א ווייילע צו א פּאָר בעקאַנטע שוסטערס, גוטע ברידער, און האָט מיט זיי געגעבען א לעק און געטרונקען לחיים: „גאָט זאָל געבען, אז המן מיט זיינע צעהן בנים זאָלען דערלעבען איבער־א־יאָהר, און מיר זאָלען זיי ווייטער אויפהענגען אין שוהל אַלע אויף איין תליה פופציג איילען די הויך, בכדי מיר זאָלען וויעדער א מאָל קאָנען נעמען צו ביסלעך בראָנפען, ונאמר אָמן"... פון אָט די לחיימס איז אונזער העלד געוואָרען אזוי בגילופין, אז וויפיעל ער איז ניט געגאַנגען און געגאַנגען, האָט ער בשום אופן ניט געקאָנט טרעפען צו זיך אהיים. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז דאָס געסעל, וואו ער וואָהנט, שפּיעלט זיך מיט איהם אין „בעהעלטער־לעך": אָט שטעהט דאָס, דאכט זיך, אקעגען איהם און ווינקט צו איהם מיט א סך פייערלעך פון די קליינע פענסטערלעך, אָט טהוט ער זיך א לאָז און אָט טרעפט ער מיט'ן שטערן אין וואַנד אריין. פון וואַנען האָט זיך גענומען אהער א וואַנד? פון זינד חלאָוונע איז צו זיין שכל געקומען, גערעכנט ער ניט, אז דאָ זאָל זיין א וואַנד; נים אנדערש, אז דאָס האָט עמיצער אוועקגעשטעלט א

סוכה. א פּאַטעפּאַלנאָסט פון א אידען נעמען אוועקשטעלען אין מיטען שטאָדט א סוכה! דאָס דאַרף זיין רב יאָסי דעם נגיד׳ס ארבייט. וואָס א נגיד קאָן איינפאַלען — איז דיר גאָר קיין קאַטאָוועס ניט! עס וועט אָבער א רוח אין זיין שוויגער׳ס טאַטען אריין!...

— זאָל מיין נאָמען ניט הייסען אחשורוש!...

און חלאַוונע דער שוסטער נעמט זיך אָן מיטביידע הענד אָן וואַנד, טהוט א ציה צו זיך, וויל אומוואַלגערען רב יאָסי דעם נגיד׳ס „סוכה" און טהוט א פּראַל אין דער ערד אריין און ציהט זיך אויס ווי א גראַף איבער דער בעריהמטער כתרילעווקער בלאָטע. און דאָרט לאָזען מיר איהם ליגען א ווײַלע, ביז מיר וועלען אראָפּברענגען דעם צווייטען העלד פון אונזער געשיכטע, וואָס ער הייסט מיט א גלענצענדיגען גבירישען נאָמען — רויטשילד.

## קאַפּיטעל דריי.

מיט דעם נאָמען רויטשילד האָט איהם כתרילעווקע געקרוינט דערפאַר, ווייל ער איז געווען אין שטאָדט דער גרעסטער קבצן. דאָס הייסט, אזעלכע קבצנים, ווי ער, זענען אין כתרילעווקע פאַראַאן אזוי פיעל, וויפיעל שטערען אין הימעל, נאָר אזא איין אומגליקליכער קבצן, אזא קבצן א שלים־מזל, — איז שוין אפילו אין כתרילעווקע ניט געווען צו איהם דער צווייטער. עס געהט ארום אויף דער וועלט א ווערטעל (שטאַמט געוויס פון כתרילעווקע), אז „צום שלים־מזל דאַרף מען אויך האָבען מזל". זאָלט איהר טאַקי וויסען: א גלייכווערטעל איז, להבדיל, א תורה.

ווער איז געווען אָט דער רויטשילד און פון וואַנען האָט ער זיך גענומען, — קאָן איך אייך ניט זאָגען. ער איז געווען איין אָרעמאַן — דאָס ווייסט איהר שוין, און זיין עובדה איז געווען — געהן. איהר מיינט, איבער די הייזער? בעטען נדבות? האָט איהר א טעות. זיין גאַנג איז געווען גלאַט אזוי א מין שפּאַציער

איבער דער בלאָטע, נאָר מיט דריבנע טריט, און גיך־גיך, ווי א מענש, וואָס טהוט עסק און האָט קיין צייט ניט. אָפּשטעלען פלעגט ער זיך נאָר דעמאָלט, ווען מע האָט איהם אָפּגעשטעלט.

— שלום עליכם, וואוהין געהט עס א איד רויטשילד?

רויטשילד בלייבט שטעהן, ווישט זיך אָפּ מיט דער פּאָלע דעם שוויים, קוקט מיט מאָדנע איבערגעשראָקענע אויגען, און דאָס געל־אויסגעהונגערטע פּנים פערקנייטשט זיך ביי איהם אין א מין שמייכעלע, און ער טהוט א זאָג שטיל, קוים וואָס מע הערט:

— גלאַט אזוי זיך, מע געהט, טאָמער וועט דער אויבערשטער עפּיס צושיקען...

אָפּגעזאָגט, לאָזט זיך רויטשילד געהן ווייטער מיט זיינע דריבנע טריט, און דער, וואָס האָט איהם אָפּגעשטעלט, בלייבט שטעהן, קוקט איהם נאָך א ווײַלע, פערציהט מיט די פּלייצעס, צעלאַכט זיך און טהוט א שפּיי:

— טפו! נאָט אייך אזא שלים־מזל!

זינט אָט דער שלים־מזל הייסט רויטשילד, געדענקט קיינער ניט אין כתרילעווקע, אז ער זאָל עמיצען אָנמוטען מיט א בקשה וועגען עסען, בעטען א טרונק, אָדער איין אָרט אויף איבערצונעכטיגען, חאָטש וויסען ווייסען אַלע, אז רויטשילד איז געוויס הונגעריג און אז ער האָט געוויס ניט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּארען. אויף א הונגעריגען איז מען אין כתרילעווקע גרויסע מבינים, מע קאָן זאָגען, ספּעציאַליסטען. זיי וועלען אייך דערקענען אין דער פינסטער נאָכ'ן קול אליין, ווער ס'איז גלאַט אזוי הונגעריגליך און וואָלט א בעלן געווען, מהכתיתי, עפּיס איבערבייסען, און ווער ס'איז טאַקי שטאַרק הונגעריג, אזוי אז ממש עס געהט איהם אויס דאָס חיות! מסתמא האָבען זיי שוין דערויף אזעלכע סימנים, ווי, להבדיל, די דאָקטוירים, וואָס וועלען אייך טרעפען נאָכ'ן דופק, וועלכער חולה איז גלאַט אזוי ניט־געזונד און וועלכער איז מסוכן חלילה אויף צו שטאַרבען.

אויב מיר זאָלען קאָנען איינטיילען די מענשלעך, וואָס הונ־גערען, אויף אַזעלכע, וואָס זענען גלאַט הונגעריג, און אויף אַזעלכע, וואָס זענען טוידט־הונגעריג, וואָלטען מיר מיט רעכט געקאָנט זאָ־גען, אַז אונזער העלד רויטשילד געהערט צו די טוידט־הונגעריגע, מחמת ביי איהם איז אָפּטמאָל אוועקגעגאַנגען גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט, וואָס ער האָט אין זיין מויל ניט געהאַט. און ער וואָלט געוויס אַזוי אויסגעגאַנגען אין מיטען גאַס, ווען אַ גוטע נשמה זאָל זיך ניט אַרומקוקען, אַז אָן געהט דער שלים־מזל רויט־שילד. אַז מע גיט איהם עפּיס, זאָגט ער זיך ניט אָפּ, און אַז מע פרעגט איהם, צי ער איז הונגעריג, שווייגט ער, און אַז מע פרעגט איהם, צי איז ער שטאַרק הונגעריג, ענטפערט ער אויך ניט, נאָר דאָס געל־אויסגעהונגערטע פּנים זיינס קנייטשט זיך צונויף אין אַ מין שמייכעלע, און די איבערגעשראָקענע אויגען קוקען אַראָפּ, אַפּנים, פאַר בזיון, וואָס אַ מענש קאָן זיין אַזוי הונגעריג, און אַ שטילער זיפץ רייסט זיך אַרויס ביי איהם ניט־ווילענדיג — ווער ווייסט, וואָס דער זיפץ קאָן בעדייטען !...

די כתרילעווקער לייט, וואָס האָבען ליעב אַ שפּאַס, געבען איהם פריהער עפּיס עסען און נאָכדעם טרייבען זיי מיט איהם אַ ביסעל קאַטאָוועס :

— פּאַני רויטשילד, זאָגט דעם אמת, וויפיעל געלט פאַרמאָגט איהר און וואו ליגען פאַרבאָרגען אייערע אוצרות ?

רויטשילד לאָזט־אַראָפּ די איבערגעשראָקענע אויגען, קנייטשט צונויף דאָס געל־אויסגעהונגערטע פּנים אין אַ מין שמייכעלע און שווייגט... יונגע לייט, עזות־פּנים׳ער, שטעהען־צו צו איהם נעהענ־טער, טהוען איהם אַ ציה ביי׳ם אַרבעל :

— שלום עליכם, וואָס מאַכט אַ איד רב רויטשילד ? וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך דאָרט אין פּאַריזש ?

רויטשילד לאָזט־אַראָפּ די איבערגעשראָקענע אויגען, קנייטשט צונויף דאָס געל־אויסגעהונגערטע פּנים אין אַ מין שמייכעלע און שווייגט. חדר־יונגלעך, יונגע צוצעקלעך, קליינוואַרג — די לאָזען

איהם די גאס נישט דורכגעהי. זיי האָבען געמאַכט אויף איהם א ליערעל:

רויטשילד איז איין עושר,<br>
איז א גביר א גרויסער,<br>
אָנגעשטאָפּט מיט געלט<br>
און מיט שאָלעמויזען.<br>
ווייסט איהר, וואָכ איהם פעהלט?<br>
מעהר ניט א פּאָר הויזען.

פאר קליינווארג האָט רויטשילד מורא, נעמט ער די פיס אויף די פּלייצעס און מיט זיינע דריבנע טריט לאָזט ער זיך לויפען אין דער וועלט אריין. קליינווארג לויפט איהם נאָך און זיי הערען נים אויף צו זינגען... דערזעהען די עלטערע און שרייען אָן אויף זיי:

— א, ניט געדאַכט זאָלט איהר ווערען, שקצים, הולטייעס, ימח־שמו'ניקעס! אין חדר אריין, ממזרים, אין חדר אריין!

פאר דעם שלים־מזל רויטשילד וואָלט אפשר געווען אין כתרי־לעווקע אלע מאָל ווער ס'זאָל זיך אָננעמען זיין קריוודע, און הונ־גערען וואָלט מען איהם אפשר אויך ניט געלאָזט אזוי שטארק. נאָר ווער איז זיי שולדיג, אָט די שלים־מזל'ען, וואָס וועלען אייך גיכער שטארבען, איידער אויסציהען א האנד?... און אויסערדעם, לאָמיר שמועסען על־פּי יושר: איז דען די שטאָדט כתרילעווקע טאקי מחויב צו טראָגען אויפ'ן קאָפּ יעדען שלים־מזל? קארג האָט מען אייגענע צרות מיט אייגענע וועהטיגען מיט דאגות פּרנסה? מע דאנקט גאָט, אז מע קומט אליין דורך דעם טאָג און מע לעבט איבער ווי עס איז די וואָך מיט ווייב און קינדער.

דערפאר אָבער — וואָס אמת איז אמת — אז עס קומט דער הייליגער שבת, איז רויטשילד א בעוואָהרענטער מענש. אלע אידען זענען דאָך דעמאָלט אין שוהל, און רויטשילד איז פאר די אויגען.

וועט דען אַ שטאָדט דערלאָזען, אַז אַ איד זאָל שבת הונגערען? מילא, וואָס נאָט גיט, אבי אינאיינעם, און איין איבעריגער מענש צום טיש איז דאָך, אייגענטליך, נישט מעהר, ווי איין איבעריגע לעפעל... האָט קיין יסורים ניט, ער וועט הונגעריג ניט אוועק־געהן, און טאָמער אפילו איז די סעודה ניט אזוי פויגעלדיג, איז אויך אָהן איין אומגליק, די קישקע וועט מוחל זיין, אבי מע זיצט מיט אידען ביי'ם טיש, אויפ'ן טיש זענען פארהאַן סימנים פון שבת'דיגער חלה, ביינדלעך פון פיש און אַ פּאָר מעשענע לייכטער פון די נעכטיגע בענש־ליכט... דאָס אלסדינג, אינאיינעם גענומען, ווען עס ווערד בעזוונגען מיט די שענע זיסע שבת'דיגע זמירות, האָט דאָך דאָס טאַקי דעם זיעבעטען חן, און אַ כפרה אלע מאכלים מיט אלע פּאַטראַוועס און נאַשערייען, וואָס דעם מענשענ'ס יצר־הרע האָט אויסגעטראַכט, בכדי אריינצונארען אונז וואָס טיעפער אין גיהנם...

גרוים איז דער כח פון דעם הייליגען אידישען שבת! איהר וועט ניט דערקענען דעמאָלט ניט דעם כתרילעווקער בעל־הבית, ניט דעם אורח זיינעם, דעם שלים־מזל רויטשילד.

## קאַפּיטעל פיער.

אָפּגעפּאַסט אזא טאָג, ווי אסתר־תענית, קוים דערלעבט פאַר־נאַכט געהן אין שוהל הערען די מגילה, רעכט נוקם געוועזען זיך אין המנ'ען און אָפּגעהאַפּט אויף איין פוס דעם „הרב את ריבנו" מיט די איבעריגע זאָגעכצען, — האָבען זיך די אויסגעהונגערטע כתרי־לעווצעס אין איין אימפּעט געלאָזט לויפען אהיים וואָס גיכער אָפּ־צופאַסטען זיך, איטליכער „אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגענבוים", מיט אַ פרישען, אַ הייסען, אַ פּורימ'דיגען המן־טאַש מיט מאָהן. און מחמת גרויס אימפּעט, הונגער און איילעניש, האָט מען גאָר פערגעסען אָן רויטשילדען, גלייך ווי עס וואָלט קיין רויטשילד גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזען. און רויטשילד,

דערזועהען, אז דער עולם לויפט, האָט זיך אויך געלאָזט לויפען מיט זיינע דריבנע טריט, גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין, איבער די בלאָטינע גאַסען און געסלעך פון דעם געבענשטען כתרילעווקע.

געלאָפען פארביי די האלב־איינגעפאלענע און האלב־בעלויכ־טענע הייזער און הייזלעך, האָט אונזער הונגעריגער העלד פון צייט צו צייט געחאַפּט אַ קוק אריין אהין, דורך די פענסטער, און געזעהן קייענדיגע מיילער און שלינגענדיגע העלזער. וואָס האָבען די דאָ־זיגע מיילער געקייעט אזוי געשמיידיג, וואָס האָבען די העלזער אזוי געשמאַק געשלונגען — איז איהם שווער געווען צו זעהן, נאָר פערשטאַנען האָט ער על־פּי סברא, אז דאָס בעדאַרפען זיין פרישע, זיסע דרייעקעכיגע המן־טאַשען, אָנגעפילט מיט זיסען, צוקערדיגען מאָהן. וואָס צעגעהט זיך אין מויל — טעם גן־עדן. און עמיצער האָט זיך אויפגעחאַפּט ביי רויטשילדען אינווענינ אין מאָגען און האָט איהם געגעבען אַ ציה ביי׳ם הארצען און אַ זאָג אין אויהער אריין: „נאַר איינער, וואָס דרעהסט דו זיך ארום אין עולם־התוהו? עפען־אויף אַ טיר, געה־אריין און זאָג: „אַ גוט יום־טוב, אידען! אפשר איז פארהאַן ביי אייך מיט וואָס אָפּצופאַסטען זיך? שוין דעם דריטען טאָג אין מיין מויל ניט געהאַט"... און רויטשילד דערשרעקט זיך פאַר זיך אליין. עס איז איהם נאָך קיינמאָל אזא נעדאַנק ניט געקומען — אריינרייסען זיך צו יענעם אין שטוב אריין מעשה גזלן! און בכדי דער יצר־הרע זאָל איהם ניט ארויפ־פיהרען דער שווארץ יאָהר ווייסט אויף וועלכע זאכען, לאָזט ער זיך געהן אין מיטען גאַס, סאַמע אין דער רעכטער בלאָטע, און שלאָגט זיך אָן אין דער פינסטער אויף עפּיס אַ ווייכס, אַ גראָבס און אַ לעבעדיגס, און גיט אַ פאַל־אנידער אין בלאָטע אריין, גלייך אויף אונזער העלד נומער איינס — אויף חלאוונע דעם שוסטער.

לאָמיר לאָזען ליגען אַ ווייל רויטשילדען און געוואָהרע ווע־רען, וואָס מאַכט עפּיס חלאוונע דער שוסטער.

## קאפיטעל פינף.

חלאוונע דער שוסטער (מיר בעטען ביי איהם הונדערט מאָל מחילה, וואָס מיר האָבען איהם געלאָזט ליגען אזוי לאנג אין דער בלאָטע) האָט זיך געפיהלט גאָר ניט אזוי שלעכט אין זיין נייער לאגע, ווי דער לעזער שטעלט זיך פאָר. עס ליגט שוין אזוי אין דער טבע פונ'ם מענשען, ער זאָל זיך צופּאסען צו יעדער לאגע, ווי ביטער און פינסטער זי זאָל ניט זיין. קוים איז איהם בע־שערט געווען, אז די בלאָטע, די בעריהמטע כתרילעווקער בלאָטע, זאָל זיין זיין געלעגער, האָט ער געזעהען אָנווענדען כל המעגליכ־קייטען, אז ער זאָל ליגען ווי א מענש, און נישט גלאט אזוי לעדיג, אָהן א שום ארבייט. ער האָט געפייערט אויף די נגידים און האָט אויסגעלאָזט כל חמתו אויף רב יאָסי דעם נגיד, ער זאָל נישט מיינען, אז ער, חלאוונע דער שוסטער, איז חלילה שכור. ער האָט איהם געשוואוירען, ער זאָל אזוי דערלעבען פיהרען ויזתא'ן צו דער חופּה, ווי ער הויבט ניט אָן צו זיין שכור. ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אויף איהם, אויף חלאוונען, אז ער איז א שכור? דאָס וואַכסט אודאי פון איהר, פון זיין ווייב ושתי, איינ־געזונקען זאָל זי ווערען!...

ארויסגעלאָזט דעם נאָמען ושתי, בלייבט חלאוונע דער שוס־טער שטיל און פערטראכט זיך. דער נאָמען ושתי איז אריין צו איהם אין מוח, ווי א פלעקעל, וואָס מע זעצט דאָס אריין אין א שטיוועל אריין. ער געדענקט, דאכט זיך, גאנץ גוט, אז אמאָל האָט זיין ווייב געהייסען גיטעל, פלוצים נא דיר גאָר „ושתי"!... ווי אזוי איז דאָס געוואָרען פון גיטעל — ושתי? און ניט נאָר דער נאָמען — זי אליין האָט זיך איבערגעביטען, גאָר נישט דאָס ווייב, וואָס פריהער. אָנגעטהאָן געהט זי, ווי א קייסערינע, מיט א גילדענעם ספּאָדעק, און איז איינגאנצען איינגעטונקען פון קאָפּ ביז פיס אין גינגאָלד. ער בעטראַכט זיך, אז ס'איז גאָר קיין פּלאַן ניט פאר איהם אצינד מיט איהר זיך צו קריעגען. אדרבה, מיט

אזא יפהפיה דארף מען שלאָגען בלאַט. און ער רוקט זיך צו צו איהר נעהענטער און נעהענטער, נאָר זי רוקט זיך אָפּ... זי וויל איהם ניט. אפנים, דערפאַר, וואָס ער האָט ליעב אָט דאָס, וואָס מע מאַכט דערויף שהכל נהיה בדברו... א מכה דער מאַמען, עס שטעהט ניט אָן דעם טאַטען איהרען, טאָמער וועט מען זאָגען אין שטאָדט, אז ושתי האָט א מאַן א שכור!

— זאָל איך ניט דערלעבען אויפשטעהן פון דעם אָרט, אויב ס'וועט קומען אמאָל א טראָפּען בראָנפען אויף מיינע ליפּען! ושתי, דו הערסט, צי ניין? טאָמער גלויבסט דו מיר ניט, נא דיר א האַנט תקיעת־כף...

און חלאַוונע ציהט אויס זיין פּעכקע גראָבע האַנד מיט די קורצע שוואַרצע פינגער אין דער בלאָטע אריין, און ס'איז איהם א חידוש, וואָס ושתי האָט אזא קאַלטע נאַסע האַנד מיט אזעלכע קאַלטע גליטשיגע פינגער. ס'איז אוממעגליך זי אָנצונעמען פאַר דער טאַליע אזוי, אז די נשמה זאָל איהר ארויס! און ער צע־נעמט די הענד און חאַפּט ארום... דעם שלים־מזל רויטשילד!

## קאַפּיטעל זעכס.

די מחקרים זאָגען, אז פון א דערשרעק קומט אַלסדינג. פון א דערשרעק איז חלילה א מעוברת'ע מפּיל, פון א גוטען איבער־שרעק קאָן א מענש אראָפּ פונ'ם זינען, און אמאָל, די שעה זאָל ניט זיין, בעקומען אפּאָפּלעקסיע און שטאַרבען. זיי זענען דער־גאַנגען מיט'ן שכל, אז פון איין איבערשרעק קאָן א שכור זיך אויסניכטערען אין איין מינוט. אזוי זאָגען די מחקרים. און דעריבער וועט אונז קיין חידוש ניט זיין, וואָס אונזער העלד, חלאַוונע דער שוסטער, וויבאַלד ער האָט ארומגעחאַפּט דעם שלים־מזל רויטשילד, אזוי האָט ער פאַר שרעק זיך שוין אויסגעניכ־טערט, דאָס הייסט, ניט אויף אזוי פיעל, ער זאָל קאָנען אויפ־שטעהן פון דער בלאָטע און ווערען א מענש, ווי מע רופט עס, א

זעלבסטשטענדיגער; נאָר אויף אַזוי פיעל האָט ער אָנגעהויבען קומען צו זיך, אַז איינציגווייז האָבען זיך אומגעקעהרט צו איהם כמעט אַלע זיינע חושים. קודם כל איז ער דערגאַנגען דורך זיין חוש המשוש, אַז ושתי איז אַ איד מיט אַ באָרד. נאָכדעם האָט ביי איהם אויפגעוואַכט דער חוש השמיעה, און ער האָט דער־הערט ריינע, קלאָרע דבורים: „שמע ישראל, גוואַלד, אידען, ראַ־טעוועט!” דער חוש הריח האָט איהם געזאָגט, אַז זיי ביידע ליגען אין דער בלאָטע, אין דער בעריהמטער כתרילעווקער עיפּוש־דיגער בלאָטע. נאָר וויפיעל ער האָט ניט אָנגעווענדעט זיין חוש הראיה אויף צו דערזעהען, ווער איז אָט דער דאָזיגער נפש, האָט זיך עס איהם בשום אופן ניט איינגעגעבען, מחמת די לבנה האָט זיך בעהאַלטען אין די געדיכטע וואָלקענס, און די פינסטערע נאַכט האָט פערשפּרייט איהרע שוואַרצע פליגלען איבער גאַנץ כתרי־לעווקע.

אויך רויטשילד האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז קומען צו זיינע געדאַנקען, און דער שרעק, פון וועלכען ס'איז איהם געווען אַ מינוט צום טוידט, איז שטילערהייד אַוועק פון איהם, און ביידע אונזערע העלדען האָבען בעקומען לשון. אָט וואָס פאַר אַ מין געשפּרעך צווישען זיי איז פאָרגעקומען. מיר געבען איהם איבער פּינקטליך, וואָרט אין וואָרט:

חלאוונע: ווער ביזט דו?

רויטשילד: ס'איז איך.

חלאוונע: וואָס טהוסט דו דאָ אין דער בלאָטע?

רויטשילד: גאָרניט.

חלאוונע: וועלכער רוח האָט דיך אַהער געבראַכט?

רויטשילד: כ'וויים נים.

חלאוונע: טפו זאָלסט דו ווערען! וואָס ביזט דו? אַ בעל־מלאכה, אַ שוסטער?

ר ו י ט ש י ל ד : ניין.

ח ל א ו ו נ ע : וואָס־זשע, אַ בעל־הבית?

ר ו י ט ש י ל ד : ניין, ניין.

ח ל א ו ו נ ע : וואָס זשע דען ביזט דו, צו אַלדי שווארצע יאָהר?

ר ו י ט ש י ל ד : איך בין... איך בין... טוידט־הונגעריג.

ח ל א ו ו נ ע : אַזאַ מעשה! דו ביזט טוידט־הונגעריג? המ... און איך בין טוידט־שכור... שאַ! אויב איך האָב קיין טעות ניט, ביזט דו נישט אָפּטמאָל רויטשילד? יאָ, ווי איך בין אַ איד! איך האָב דיך באַלד דערקענט, אַז דאָס ביזט דו... וויבאַלד אַזוי, טאָמער וואָלט געווען אַ סברא, ברודער רויטשילד, אַז דו זאָלסט מיר העלפען ארויסקריכען פון דער דאָזיגער בלאָטע, און אויב דו פיהלסט, אַז דו האָסט פיס, וואָלטען מירביידע זיך דורכגעגאַנגען צו מיר אַהיים עפּיס נעמען אין מויל אריין, וואָרום עס באַמבעלט מיר אין קאָפּ, אַז מיר האָבען היינט יום־טוב אויף דער גאַנצער וועלט. שמחת־תורה? פּורים? — איך קאָן דיר ניט זאָגען אַקו־ראַט, נאָר יום־טוב האָבען מיר געוויס. לאָזען קומען כל מלכי מזרח ומערב און זאָגען מיר, אַז ניין, וועל איך זיי אָנשפּייען אין פּנים!

עס האָט גענומען אַ קליינע ווײַלע, ביז די צוויי האָבען זיך ארויסגעקראַטשקעט פון דער בלאָטע און האָבען זיך מיט גרויס מיה געלאָזט אין וועג אריין, איינער אָנגעלעהנט אויפ'ן אַנדערען, דאָס הייסט, רויטשילד האָט אונטערגעהאַלטען חלאַוונען, ער זאָל ניט פאַלען. מחמת אויסגעניכטערט האָט זיך ביי'ם שוסטער נאָר דער קאָפּ — די פיס אָבער האָבען זיך איהם נאָך אַלץ געפּלאָנטעט. און אַז זיי זענען געקומען צו...

דאָ דאַרפען מיר ברעה איבערלאָזען אונזערע ביידע העלדען אויפ'ן שפּאַציער און אריינקוקען אויף אַ מינוט צו חלאַוונע דעם שוסטער אין שטוב אריין, זעהן, וואָס מאַכט זיין ווייב גיטעל.

# קאפיטעל זיעבען.

וויפיעל די קריטיקער זאָלען ניט קריטיקירען, וויפיעל די אָפּשפּעטער זאָלען ניט לאכען און חוזק מאכען — א ווייב בלייבט אַ ווייב. עס האָט נאָר אָנגעהויבען נאכט ווערען, האָט גיטעל שוין גענומען רעכטען זיך אויף איהר מאַן, אז אָט קומט ער פון דער מגילה אָפּפּאַסטען זיך. צוליעב דעם האָט זי איבערגעדעקט דעם טיש יום־טוב׳דיג און אוועקגעשטעלט קודם דאָס, וואָס איהר חלאַוונע האָט ליעב — א פלעשעל מיט א גלעזעל. עס קאָן זיין, אז אין פלעשעל איז מעהר ניט געווען ווי איין גלעזעל, נאָר אפשר איז דאָרט צוליעב יום־טוב געווען צוויי גלעזלעך. דערפאר איז געזעסען אויפ׳ן טיש א דרייעקעכיגער המן־טאַש מיט מאָהן, אַ מורא׳דיגער, א גרויסער, א ברייטער, איין אמת׳ער, א שוסטערשער המן־טאַש. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי דער המן־טאַש וואָלט גערעדט ווערטער: „חלאַוונע, וואו ביזט דו? קום עס מיך!" נאָר חלאַוונע האָט ניט געהערט; ער איז גאָר געווען בשעת־מעשה ביי זיינע חברים די שוסטערס און געמאַכט מיט זיי דעם גרויסען טרונק לכבוד דעם הייליגען פורים.

אומזיסט האָט די שוסטערקע נעבאך געקוקט דורכ׳ן פענ־סטערעל, זיך צוגעהערט צו דער טיר. יעדער שאָרך האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אז דאָס גערט חלאַוונע. נאָר חלאַוונע איז ניט גע־גאַנגען; ער איז גאָר געלעגען בעת־מעשה איינער אליין אין דער בלאָטע און האָט זיך אויסגעשמועסט מיט ושתי׳ן. גיטעל האָט איבערגעטראַכט אויף איהר מאַן אַלסדינג, וואָס א ווייב קאָן איבערטראַכטען, און אז ס׳איז געוואָרען רעכט שפּעט, האָט זי געחאַפּט די יופּע אויף די פּלייצעס און איז אוועק זוכען איהר מאַן חלאַוונע. זי האָט איהם ניט געפונען. די שוסטערס, מיט וועלכע חלאַוונע האָט אויסגעטרונקען לכבוד יום־טוב, האָבען איהר געשוואָרען, זיי זאָלען אזוי דערלעבען איבער־א־יאָהר פורים, אז חלאַוונע איז גלייך פון שוהל אוועק צו זיך אהיים און קיין טראָפּען

איז צו זיי קיינעם אין מויל נישט געקומען. סיידען אפשר — אזוי האָבען געזאָגט די שוסטערס — ער האָט זיך ערגיץ בעגעגענט מיט שמעון־וואָלפען.

ביי דעם נאָמען שמעון־וואָלף האָט גיטעל אזש א ציטער געטהאָן. אָט דער שמעון־וואָלף קאָסט איהר נעבאך גענוג געזונד.

שמעון־וואָלף איז אויך א שוסטער, אזוי ווי איהר מאַן חלאַוונע, און האָט אויך ליעב דאָס, וואָס איהר מאַן חלאַוונע האָט ליעב. נאָר ווי קומט חלאַוונע צו איהם! יענער האָט א שם אויף דער גאַנצער וועלט — מע רופט איהם גאָר אנדעריש ניט, ווי שמעון־וואָלף דער שכור. ס'איז א סברא, אז זיין טאַטע איז דערפון געשטאָרבען: איינמאָל שמחת־תורה האָט ער זיך אָנגעטרונקען, און עס האָט זיך אָנגעצונדען אין איהם דער בראָנפען און ער איז פערברענט געוואָרען, אזוי ווי א ליכט. מיט שמעון־וואָלפען האָט זיך שוין אויך איינמאָל געטראָפען די אייגענע מעשה, האָט מען איהם אָפּגעלאָשען. גיטעל האָט אָבער ניט געגלויבט, אז איהר מאַן זאָל זיך ווידער א מאָל צונויפגעהן מיט דעם שכור'ניק, נאָכדעם ווי ער האָט איהר געגעבען א האַנד תקיעת־כף און געשוואוירען ביי א פּאָר תפילין, אז צייט ער וועט לעבען, וועט ער זיך מיט איהם קיינמאָל ניט בעגעגענען. איבער דעם איז אַרוים אין יענער צייט א גרוים מחלוקת צווישען חלאַוונע'ס ווייב גיטעל און שמעון־וואָלפ'ס ווייב חנה־זיסעל. דאָס מחלוקת האָט זיך אָנגעהויבען מיט ווערטער און מיט ווערטלעך, און אויסגעלאָזט האָט זיך עס זעהר מיאוס:ביידע ווייבער האָבען זיך אריינגעפלאָנטעט איינע דער אַנדערער אין די שלייערס, און מע האָט זיי קוים צענומען. פון דעמאָלט אָן רעדען ניט צווישען זיך אָט די צוויי ווייבער, און אז זיי בעגעגענען זיך, מרעטען זיך אָפּ איינע דער אַנדערער דעם וועג און שפּייען־אוים דריי מאָל.

גיטעל האָט זיך לאַנג געשלאָגען מיט דער דעה, וואָס זאָל זי טהון: צי זאָל זי געהן צו אָט דער הולטייקע הנה־זיסעל געוואָהרע ווערען וועגען איהר מאַן, צי ניין? זי האָט מורא געהאט,

ס׳זאָל ניט ארויס דערפון קיין נייער סקאנדאל — און עפּיס טאקי נאָר ווי גאָט אליין האָט זיך ארייננעמישט און איז איהר געקומען צו הילף. נאָך איידער זי האָט זיך א ריהר געטהאָן, דערזעהט זי, עפּיס א נפש, איינגעהילט אין שווארצען, געהט איהר אקעגען. זי קוקט זיך איין אין דער פינסטערניש און זי דער־קענט חנה־זיסלען. ביידע ווייבער זענען גרייט געווען אָפּשפּרינ־גען איינע פון דער אנדערער און אויסשפּייען דריי מאָל, ווי תמיד. נאָר עפּיס א פערבאָרגענער כח האָט זיי ביידע אָפּגעהאלטען, און זיי האָבען ביידע מיט א מאָל אָנגעהויבען רעדען. זייער געשפּרעך איז געווען א קורצער, נאָר זעהר א פערשטענדליכער:

— וואוהין איז אזוי שפּעט?

— און איהר וואוהין?

— איך זוך מיין מאנסביל.

— דאָס אייגענע, וואָס איך.

— וואו קאָנען זיי זיין?

— איך זאָל אזוי ווי'סען פון איהם.

— מיינער איז געווען אין שוהל צו דער מגילה.

— מיינער אויך דאָרטען.

— זענען זיי, אפּנים, פון דאָרטען אוועק ביידע?

— אזוי ווייזט דאָס אויס.

און ביידע ווייבער לאָזען־ארויס א טיעפען זיפץ און צע־געהען זיך די אהער, די אהין.

## קאפּיטעל אכט.

פערוויסט און פערפינסטערט איז נעבאך גיטעל געקומען אהיים, געכאפּט א קוק פארבייגעהענדיג אויפ׳ן המן־טאש, און עס האָט זיך איהר אויסגעדאכט, אז ער קוקט אויף איהר און זאָגט צו איהר: „וואָס איז די מעשה מיט חלאוונען?" פאר צרות גיט זי זיך א וואָרף אין בעט אריין און ליגט אזוי לאנג, ביז זי ווערד

אנשלאָפען. זי ווערד אנשלאָפען און עס חלום'ט זיך איהר, אז מע קלאָפּט אין פענסטער און מע רופט זי אָן ביי'ם נאָמען. זי וויל אויפהויבען דעם קאָפּ און קאָן ניט. פרעגט זי ליגענדיג פון בעט ארויס: „ווער איז דאָרטען?“ און בעקומט תשובה, אז דאָס איז חנה־זיסעל די שוסטערקע מיט'ן שמש פון חברה־קדישא גע־קומען צו איהר נאָך תכריכים. גיטעל פערשטעהט ניט, פון וואַנען עס נעמט זיך צו איהר אזוי פיעל כח צו רעדען וועגען אזא זאַך, און זי פרעגט ביי חנה־זיסלען גאַנץ קאַלטבלוטיג, גלייך ווי עס רעדט זיך וועגען א דייזשע ברויט אָדער וועגען א פערטעל עוף אויף שבת: „זיי זענען פארברענט געוואָרען?“ — „פארברענט געוואָרען“. „ביידע אינאיינעם?“ — „ביידע אינאיינעם“. פאר פחד פאַלט גיטעל שיער ניט אראָפּ פונ'ם בעט, זעצט זיך אויף און דערהערט, ווי עטליכע הענד מיט א מאָל שארען אין דער טיר, און עס שטעלען זיך איהר די האָר קאַפּויר. קוים־קוים וואָס זי רעדט ארויס:

— ווער איז?

— ס'איז מיר.

— ווער איז דער מיר?

— עפען אויף די טיר, וועסט דו וויסען, ווער איז דער מיר.

— די טיר איז אָפען.

— מיר קאָנען ניט געפינען די קליאמקע.

נאָכ'ן קול האָט גיטעל באַלד דערקענט, אז דאָס איז איהר מאַן, און זי חאַפּט זיך אויף געשווינד און זי עפענט אויף די טיר און דערזעהט צוויי נפשות, אויסגעשמירטע, ווי די שדים, און טהוט א שפרונג־אָפּ צוריק.

— א גוט יום־טוב דיר, גיטעל! — אָט אזוי רופט זיך אָן צו איהר חלאוונע און קאטשעט זיך אריין אין שטוב אריין אינ־איינעם מיט רויטשילדען. — זאָל מיין נאָמען ניט הייסען חלאוונע, אויב דו ווייסט, ווער צו דיר איז געקומען! צו דיר זענען געקומען צו־גאַסט לכבוד פורים צוויי טוידטע... גאָט איז מיט דיר, וואָס

האָסט דו זיך אזוי דערשראָקען? צוויי טוידטע זענען מיר טאקי, נאָר ניט פון יענער וועלט... איינער איז טוידט־שכור, דער אנ־דערער איז טוידט־הונגעריג... ווער איז דאָ טוידט־שכור און ווער איז טוידט־הונגעריג — דאָס דארפסט דו שוין אליין פארשטעהן, אויב דו ביזט אַ קלוגע... וואָס קוקסט דו אזוי? האָסט איהם ניט דערקענט? ס'איז דאָך רויטשילד. איינגעזונקען זאָל ווערען רב יאָסי דער נגיד מיט דער כתרילעווקער בלאָטע אינאיינעם! רויט־שילד האָט זיך נעבאך אזוי אויסגעשמירט, אז ס'איז איהם ניט צו דערקענען. מע וואָלט געקאָנט מיינען, אז ער האָט זיך דאָרט גע־קאטשעט מיט אלע חזירים... הערסט דו, גיטעל, ביזט טאקי אַ אידינע אַ חכמה! ושתי מעג זיין פאר דיר די כפרה! איך זעה ביי דיר דאָס שבת'דיגע פלעשעל אויפ'ן טיש. דאָס הארץ האָט דיר, אפנים, געזאָגט, אז מיר האָבען היינט יום־טוב אויף דער גאנ־צער וועלט און מע דארף מאכען קידוש און פארבייסען מיט אָט דעם דרייעקעכיגען ממזר, ס'זאָל אויף איהם קומען אַ מיתה משונה, אזוי ווי אויף זיין טאטען המנ'ען!... לחיים, רויטשילד! לאָז גאָט געבען, המן זאָל דערלעבען איבער־אַ־יאָהר, און מיר זאָלען איהם ווידער אַ מאָל אויפהענגען אין שוהל מיט זיינע צעהן בנים אלע אויף איין תליה, פופציג איילען די הויך! וואָס שווייגסט דו, גיטעל? זאָג אָמן!

# חרוסת

### א.

— מויד! מע וועט אמאָל דערלעבען זעהען דיך אָנגעטהאָן, צי ניין? נעם דאָס גלעזערנע טעלערעל און געה זיך דורך צום פעטער יאָסי'ן, וועסט דו ברענגען חרוסת. אז דו וועסט אריינ־קומען צום פעטער יאָסי'ן, זאָלסט דו זאָגען: „דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע האָבען אייך געשיקט זאָגען, איהר זאָלט דערלעבען איבער־א־יאָהר, און געבעטען, איהר זאָלט זיי געבען חרוסת. וועסט שוין געדענקען, וואָס מע זאָגט דיר אָן? צי מע דאַרף מיט דיר איבער'חזר'ען נאָך א מאָל צוואנציג?

— ס'איז ניט אזוי שווער, מע זאָל דאָס ניט געדענקען אויף אויסווענינג.

און לאה די מויד (אזוי האָט מען זי גערופען אין דער דיענסט, חאָטש ביי זיך און ביי איהרע בעקאנטע האָט זי געהייסען „ליזא") האָט זיך געאיילט אָנטהון יום־טוב'דיג, און חאָטש דער גאנצער אָנטהון איהרער איז בעשטאנען ניט מעהר ווי אין א ציצען קליידעל מיט א קאָפּטעל, נייע שיך און א סטענגע אויף די האָר, פון דעסט־וועגען באָברעט זי זיך שוין ווייס איך וויפיעל צייט און איז נאָך אַלץ ניט פארטיג. ס'איז תמיד אזוי: אז מע וויל גיך, געדרויערט עס, און אז מע שלאָגט האלז־און־נאַקען, פאלט פון די הענד. ליזאַ (לאָמיר איהר טהון צוליעב און רופען זי אזוי, ווי איהר געפעלט) האָט זיך אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג און איז צוגעגאנגען צו דער בעל־הבית'טע ווייזען, אז זי איז פארטיג. די בעל־הבית'טע (א ביסעלע שפּעטער וועלען מיר זיך מיט איהר בעקענען נעהענטער) האָט געגעבען א פּליעסק מיט די הענד:

— זעה־נאַר, ווי זי האָט זיך אויסנעסטראָצעלט! א ריינע פּרינצעסין! פּסנו! קיין עין־הרע! קיין בייז אויג! פּארניץ גע־זונט און געב חאָטש אכטונג אויף די שיך, זאָלסט נישט אריין מיט זיי אין א קאַליוזשע! און דאָס קליידעל, נישקשה, מעגסט דו אויך אונטערהויבען אין דער בלאָטע. ס'איז פאר מיין געלט, וואָס דו האָסט ביי מיר פאַרדיענט, מעג איך דיר, דאכט זיך, זאָגען א דעה, צי ניין?

ליזא האָט גענומען דאָס גלעזערנע טעלערעל און איז אוועק־געגאנגען נאָך חרוסת אָהן ווערטער. וואָס וועט זי איהר ענט־פערען, אזא „פּערעוואריכע", אז זי פערשטעהט אפילו ניט, אז דאָס געלד, וואָס די דיענסט האָט ביי איהר פערדיענט, געהער צו דער דיענסט, ניט צו איהר? איהר מאקס זאָל דאָ זיין — ער וואָלט שוין וויסען וואָס צו ענטפערען אזא בורזשויקע!... א רעכ־טער יאט, אָט דער מאקס! ערשט היינטיגען פאר־פּסח האָט זי זיך מיט איהם בעקענט, געהענדיג פון פּאָדריאד איינמאָל פארנאכט אהיים. דעם גאנצען וועג האָט ער מיט איהר גערעדט פון אַזעלכע זאכען, וואָס זי האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט, נאָר באלד גע־חאפּט מיט'ן שכל. פון בעלי־בתים האָט ער מיט איהר גערעדט און פון ארבייטער. ביז אהער האָבען געוועלטיגט זיי, די בעלי־בתים; אָט באלד וועלען אָנהויבען געוועלטיגען מיר, ארבייטער.

שוין אז זיי זענען געווען ביי דער טיר, האָט ער זי א פרעג געטהאָן, צי זי קאָן לייענען א ביכעל?

— א וואָסערס? א אידיש?

— פארשטעהט זיך, א אידיש.

— פאר וואָס ניט? איך נעם אלע פרייטאָג ביי רב אלטערען א מעשה־ביכעל אויף איבערלייענען. אז איך לייען איבער דאָס ביכעל, גיט ער מיר איבעראכטאָג פרייטאָג איין אנדערס, דאָס הייסט, טאקי די אייגענע מעשה, נאָר אין איין אנדער ביכעל. מחמת די מעשה איז א לאנגע מעשה, זי ציהט זיך פון סוכות אָן...

מאקס הערט זי אוים מיט אַ האלבען שמייכעל:

— ניט די ביכלעך דאַרף מען לייענען. אָט וועל איך אייך געבען אַ ביכעל, וועט איהר וויסען „פּאָקראַנימיר“...

און ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, ציהט־אַרויס פון דער חאַליווע פון די שטיוועל אַ קליין פערשמאַלצעוועט ביכעלע און גיט דאָס איבער איהר, ווי עפּיס אַ הייליגע זאַך, בעט, זי זאָל דאָס ניט האַלטען אויבען־אויף...

— וואָס איז דען?

— אַז מע זאָגט אייך, זאָלט איהר ניט פרעגען פאַר וואָס...

ליזאַ האָט דאָס ביכעל ביי איהם צוגענומען מיט דעם אייגע־נעם רעספּעקט, ווי ער האָט דאָס איהר געגעבען, און אַז זי איז געקומען מיט דעם אַהיים, האָט זי געחאַפּט אַ מיאוסען פּסק פון דער בעל־הבית׳טע, דערפאַר, וואָס זי, אַז זי געהט אוועק, פערגעסט זי דעם זיי־געזונד. און אַז אַלע האָבען זיך געלעגט שלאָפען, האָט זי אַרויסגעדרעהט דאָס לעמפּעל און האָט זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס ביכעל, וואָס מאַקס האָט איהר געגעבען. אויפ׳ן ערשטען בלעטעל, גאַנץ אויבענאָן, איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות: אַרבייטער פון אַלע לענדער, פעראייניגט אייך!...

ב.

פון דעמאָלט אָן זעהט זיך ליזאַ מיט מאַקסען אַלע פאַרנאַכט, און זי קאָן זיך ניט דערמאַנען, פון וואָסער אַ מאָמענט זיי זענען אַריבערגעגאַנגען פון „איהר“ אויף „דו“. זי ווייסט נאָר, אַז ווען זי זעהט איהם ניט, ציהט דאָס זי צו איהם, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען, און אַז זיי בעגעגענען זיך, ווייסט זי ניט, וואוהין די צייט געהט אוועק. זיי האָבען אַזוי פיעל צו רעדען, אַז עס וועט, דאַכט זיך, ביי זיי קיינמאָל נישט אויסשעפּען זיך, און אַלץ, וואָס ער רעדט, איז צוקער־זיס. אַ נייע וועלט האָט ער פאַר איהר אויפגעעפענט מיט זיינע רעד. ביז אַהער האָט זי געוואוסט, אַז ווייל זי, ליזאַ, איז אַ דיענסט, און „פערעוואַריכע“ איז אַ נגידית,

דאַרף זי, ליזאַ, זיין ביי „פּערעוואַריכען" אין גלות, דאַרף קאָכען און באַקען און וואַשען און רייניגען אויף דער גאַנצער שטוב. איצט לאָזט זיך אויס אַ מעשה גאָר פערקעהרט: אַז ווייל די גאַנצע שטוב שטעהט אויף איהר, אויף ליזא'ן, דאַרף „פּערעוואַריכע" די נגידית וויסען דרך־ארץ. וואו איז געוועזען איהר שכל ביז אהער? ניט געוועזען מאַקס, איז ניט געוועזען קיין שכל; געקומען מאַקס, איז געוואָרען גאָר אַנדערש. דאָס הייסט, דערווייל איז נאָך אַלץ אַזוי ווי פריהער: ליזאַ איז אַ דיענסט, און „פּערעוואַריכע" — אַ נגידית. ליזאַ קאָכט און באַקט און וואַשט און רייניגט אויף דער גאַנצער שטוב, און פּערעוואַריכע שעלט און קאַרעניעט, דאָס מויל מאַכט זיך איהר ניט צו. ס'איז אָבער אַלסדינג נאָר דערווייל, ביז אַ צייט. עס געהט אַ צייט, אַ גאָלדענע צייט!...

אַזוי טראַכט זיך ליזאַ, געהענדיג מיט'ן גלעזערנעם טעלערעל צום פעטער יאָסי נאָך חרוסת, און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, טאָמער וועט זי בעגעגענען מאַקסען. זי זעהט גאָר ניט, ווי די רויטע זון האַלט ביי אונטערגעהן אויף יענער זייט שטאָדט און בעפאַרבט מיט גינגאָלד אַ גאַנצען שטיק הימעל. זי זעהט גאָר ניט, ווי אידען לויפען מיט פולע פלעשלעך וויין אויף אַרבע־כוסות, געקויפט ביי מאָטי ווימאַראָזיג. דער וויין פינקעלט זיך אָפּ אויף דער פערגעהענדיגער זון און שפּיעלט און צעגיסט זיך אין אַלערליי קאָלירען. ליזאַ בעמערקט דאָס אָבער ניט. וואָס איז איהר די זון? וואָס איז איהר כתרילעווקע מיט איהרע אידען און מיט זייער וויין אויף אַרבע־כוסות, אַז ס'איז ניטאָ דער, וועמען זי זוכט? נאָר אָט דערהערט זי אַ קול פון הינטען:

— ליזאַ!

— מאַקס!

און זיי שטעלען זיך אַוועק אַ ביסעל שמועסען, היטען זיך, מע זאָל חלילה ניט בעמערקען, וואָרום כתרילעווקע קאָן נאָך אַלץ ניט ליידען, אַז אַ בחור מיט אַ מיידעל זאָלען שטעהן פראַנק און

פריי אין מיטען גאַס און רעדען... און אַזוי פליהען די מינוטען, ביז ליזאַ טהוט זיך אַ חאַפּ:

— אוי! אַ מכה דער פּערעוואַריכע מיינער! איך דאַרף דאָך גאַר געהן צו איהר פעטער יאָסי נאָך חרוסת!

— געה, געה, איך וועל דאַ צוואַרטען אַ ווייַלע, ביז דו וועסט זיך אומקעהרען, וועל איך דיך שוין באַגלייטען ביז אַהיים.

און ליזאַ לאָזט זיך לויפען צום פעטער יאָסי נאָך חרוסת.

ג.

„דער פעטער יאָסי" — אַזוי האָט מען איהם גערופען אין כתרילעווקע דערפּאַר, וואָס ער איז געווען אַ שענער איד און איין אַלטער און אַ בכבוד'ער און אַ נגיד און האָט קיין קינדער ניט געהאַט, אַחוץ פּלימעניקעס און פּלימעניצעס אָהן אַ שיעור. כמעט אַ האַלבע שטאָדט זענען געווען זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און אַלע האָבען זיי אַרויסגעקוקט אויף איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר...

וויפיעל פערמאָגט דער פעטער יאָסי — דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט, און דער פעטער יאָסי אַליין אויך ניט. אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטאָדט. געזאָגט האָט מען, אַז דער פעטער יאָסי איז אָנגעשטאָפּט ממון־קרח; מע ווייסט אפילו, אַז ער האָט אַ צוואה און דאָרט איז ביי איהם אויסגערעכענט ביז דער לעצטער פּרוטה. אַלע יאָהר, אַז ס'איז געקומען ערב ראש־השנה, פלעגט ער איבערשרייבען די דאָזיגע צוואה, צונויפרופען אַלע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און נעמען ביי זיי „תקיעת־כף", אַז טאָמער חלילה שטאַרבט ער, זאָל מען זאָגען נאָך זיין נשמה אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר קדיש און לערנען אַלע טאָג אַ פּרק משניות. נאָכ'ן תקיעת־כף האָט ער זיי אָנגעגאָסען צו גלעזלעך בראָנפען און געגעבען צו שטיקלעך לעקאַך. די פּלימעניקעס האָבען געטרונקען לחיים, די פּלימעניצעס האָבען איהם געווינשעוועט, ער זאָל דערלעבען משיח'ן,

און דער פעטער יאָסי האָט געשמייכעלט מיט זיינע שטענדיג נאַסע אויגען, געשמאַקעט מיט די ליפּען און געענטפערט: אָמן, אָמן.

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגען פון יאָהר צו יאָהר. די פּלי־מעניקעס מיט די פּלימעניצעס האָבען אַרויסגעקוקט מיט סכנת־נפשות, נאָר דער פעטער יאָסי האָט זיך עפּיס ניט אַזוי געחאַפּט. געהוסט האָט ער דוקא גאַנץ געשמאַק, אַ זאַדישקע, אַ מין אַסטמע האָט ער געהאַט, וואָס אַז ער פלעגט זיך פערהוסטען, האָט מען געמיינט, ס'איז איין עק, אַז מע דאַרף שוין געהן נאָכ'ן שמש פון חברה־קדישא. צום סוף — גאָרניט, אַ נעכטיגער טאָג... אַלע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס פלעגען אין אַזאַ צייט ניט אָפּטרעטען פון זיין בעט:

— ווי פיהלט איהר זיך, פעטער, אַצינד?

— אַ דאַנק גאָט, פיעל בעסער, פיעל בעסער, איהר זאָלט גאָר קיין יסורים ניט האָבען, קינדערלעך; מיין טאַטע, זכר לברכה, האָט אויך געהאַט דעם אייגענעם הוסט, וואָס איך, מיר צו לענ־גערע יאָהר, און האָט געלעבט פון דעסטוועגען הונדער[illegible] יאָהר, נאָך מיט אַ האַלבען. און מיין מאַמע, עליה ה[illegible] האָט געלעבט נאָך מעהר מיט אַנדערהאַלבען יאָהר... אונזע[illegible] קעל גליק איז, וואָס מיר היטען זיך; מיר עפענען קיינמ[illegible] טיר און קיין פענסטער, און אַפילו קיין קוואַטירעל פון אַ פּ[illegible] אויך ניט, מחמת ס'איז אַ פשוטע זאַך: לופט איז פאַר אַ ה[illegible] אַ שחיטה, און פאַר אַ זאַדישקע — סם־המות...

אָט אַזוי האָט זיי אויסגערעדט דאָס האַרץ דער [illegible] יאָ[illegible] און אָפּגעשיקט זיי אַהיים, פאַר'ן אוועקגאַנג גערע[illegible] פערגעסען איהם ניט...

איהם פערגעסען? ווי קאָן מען פערגעסען אָן אַז[illegible] פעטער, וואָס טראָגט אויפ'ן קאָפּ, קיין עין־הרע, אַזוי פי[illegible] ניקעס מיט פּלימעניצעס? איין אייגענער טאַטע דאַרף [illegible] טהון, ווי דער פעטער יאָסי טהוט פון זייערטוועגען אַלע למשל, סוכות בענשען זיי אַלע אויף זיין אתרוג. ד[illegible]

ער אָן פון זייערע קינדער'ס וועגען דריידלעך, איטליכען בעזונדער א דריידעל. פורים מוזען די פלימעניקעס מיט די פלימעניצעס קומען צו איהם אלע מיט קינד און קייט הארכען די מגילה. טאָמער חלילה פערפעהלט א קינד צו דער מגילה — איז חיות ניט זיכער! דער פעטער יאָסי גיט אכטונג. איהם וועט איהר ניט נארען. נישקשה, ער ווייסט, ווער ס'איז געוועזן צו דער מגילה און ווער ניט. און אז ער האָט דערטאַפּט דעם, וואָס איז ניט געוועזן, האָט ער איהם אָנגעחאַפּט פאר איין אויהער: „פּוסטע־קראַט מיינער! וואו ביזט דו געוועזן צו דער מגילה?" און יענער האָט געמוזט זיך פערענטפערען, אויסזוכען עפּיס א רעכטען תירוץ, וואָרום דעם פעטער יאָסי'ן טאָר מען ניט דער'רגז'ענען...

נאָר מעהר ווי אלע יום־טובים האָט ער זיך מפקיר געוועזן צוליעב זיי, אז ס'איז געקומען פסח. דעם גאַנצען טאָג ערב־פסח האָט איהר געקאָנט זעהען דעם פעטער יאָסי זיצען אין שטוב און שטויסען צימערינג, רייבען עפּעל מיט ווייַן און מיט וועלישע נים. יאָסי האָט אליין געמאַכט חרוסת פאר אלע זיינע און פלימעניצעס. אזוי איז שוין געוועזן ביי איהם הג אלע ערב־פסח — אָנמאַכען א פולע שיסעל מיט חרוסת יסטיילען זיי איינציגווייז אויף טעלערלעך. און אויף מאָר־נאַכ'ן טיש, אז די פלימעניקעס מיט די פלימעניצעס זענען קומען צום פעטער גוט יום־טוב בעטען, פלעגט מען ניט רעדען קיין זאַך, נאָר פונ'ם חרוסת. זיי פלעגען זיך גאָר ניט קאָנען פּריזען פונ'ם חרוסת:

חרוסת איז אייך היינטיגס יאָהר אָפּגערעטען, פעטער, ווי אלע יאָהר.

פון אייער חרוסת איז מיר ניט איבערגעבליבען צום אַנ־סדר, איהר זאָלט זאָגען, פעטער, אויף א רפואה.

מיט אייער חרוסת האָבען מיר זיך, פעטער, געטיילט, קרעפּעל־פליויש.

— וואָס טהוט איהר אריין, פעטער, אזעלכעס אינ'ם חרוסת, וואָס ער קומט ארוים ביי אייך אזוי באַ'טעמ'ט ?

דער פעטער יאָסי האָט אויסגעהערט די דאָזיגע אלע זיסע רעד און ניט געענטפערט גאָרנים, נאָר געשמאַקעט מיט די ליפּען. ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט זייער ווערטה, און דאָך פּלעגט ער אָנקוועלען פון זיי, ווערען ברייטער ווי לענגער.

געהט, טענה'ט, ווערד הייזעריג רעדענדיג — ס'איז א פּער־פאַלענע זאַך : חניפה איז א זיסער ביסען, מענשען האָבען עס ליעב, ווי צוקערלעקאַך.

## ד.

צוויי אינטערעסאַנטע פּארשוינען, מיט וועלכע מיר וועלען אייך באַלד בעקענען, זענען ליזא'ס בעלי־בתים : „פּערערווע" און „פּערעוואַריכע".

„פּערערווע" — איז א צונעמעניש, וואָס לאָזט זיך ניט איבער־זעצען אויף קיין אנדער לשון, סיידען אויף אונזער אידיש, זאָל לעבען. אויף אונזער אידיש וועט דאָס הייסען אזוי גרוים, ווי „א קישקע אָהן א דנאָ". מיט איינעם וואָרט, „פּערערווע" איז א מענש, וואָס ס'איז איהם קאַרג די וועלט — און אָט אזעלכער איז ער טאַקי. די גרעסטע קראַם אין כתרילעווקע איז זיינע, און דער גרעסטער פּדיון איז ביי איהם. וואָס ער קאָן אמאָל אָפּלייזען אין איין שעה, וועלען דאָס דריי קרעמער ניט לייזען אין א וואָך — און ס'איז איהם נאָך קאַרג. ער שלעפּט קונים, שלעפּט זיי ביי די פּאָלעס, שעמט זיך ניט ארויסשלעפּען זיי פון יענעמ'ס קלייט, חאַפּט אָפּטמאָל פון די קרעמער א מיאוסען פּסק — מיט א נאַסען בעזים איבער'ן פּנים, אָדער מיט א קאָנאַוועקע קאַלט וואַסער איבער'ן קאָפּ : „א איד א פּערערווע זאָל ניט האָבען קיין טבע שטעקען די נאָז, וואו מע דאַרף ניט !"... אזעלכע סקאַנדאַלען פּלעגען זיך אויסלאָזען אמאָל נאָך מיט א גרעסערען סקאַנדאַל ביי'ם מיראָוואָי. דער מיראָוואָי, אונזער אַלטער בעקאַנטער פאָן מיליניעווסקי, פּלעגט

אויסהערען ביידע צדדים מיט די עדות, אוים׳מוסר׳ען דעם בעל־דבר אליין:

— נאָווישטשע טי טאַקי פּערערוואַ? (וואָס ביזט דו אזוי זשעדנע?) חיבאַזש בעזדיטנעי יאָסיקאַ טובי ניע דיאַדיקאַ? (איז דען דער אָהנקינדערדיגער יאָסי דיר קיין פעטער?)

און כדומה אזעלכע רעד פלעגט אריינזעצען אין איהם דער מיראָוואָי, און די גאַנצע שטאָדט האָט געמאַכט פון איהם חוכא וטלולא. און פּערערווע זאָל זיך עס אפילו פערקרימען. גאָרניט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. אָט אזא נפש איז פּערערווע. אצינד וועלען מיר אייך פאָרשטעלען זיין ווייב הצנועה מרת „פּע־רעוואַריכע“ שתחיה.

יעדער מאַן פערמאָגט פונקט אזא ווייב ווי ער איז ווערטה. פּערערווע האָט א ווייב, דאַרף זי הייסען פּערעוואַריכע. דאָס הייסט, הייסען הייסט זי ראַצעל, נאָר א נאָמען האָט מען איהר געגעבען פּערעוואַריכע, איבער איהר כאַראַקטער. זי איז א ביסעל איין אייגנעגעסענע. איטליכען בעזונדער קאָכט זי אוים דאָס וואַ־סער. מע קען זי אומעטום, ווי א בייזען שילינגער: „אָט איז זי שוין דאָ, די פּערעוואַריכע!“ — אזוי זאָגט מען אויף איהר אין מארק, אז מע דערזעהט זי פון דער ווייטען. פּערעוואַריכע, אז זי וויל עפּים קויפען, דינגט זי זיך אזוי לאַנג, ביז מע זאָגט איהר אין די אויגען, אז זי איז א פּערעוואַריכע. און דאָס האָט זי דוקא פיינט:

— מיט וואָס בין איך א פּערעוואַריכע? דערמיט, וואָס איך וויל ניט איבערצאָהלען? פאַר מיין געלט מעג איך מיך, דאַכט מיר, א ביסעל דינגען, צי ניין? זאָגט אפשר, אז ניין? אָדער אפשר איז ביי מיר גנב׳יש געלט? אָדער אפשר מיינט איהר, אז מיר האַנדלען מיט פאַלשע סיגנאַציעס? אָדער אפשר איז גלאַט א מצוה ביי מיר נעמען טייערער?...

פּערעוואַריכע איז א אידינע, וואָס לעגט ניט קיין כבוד אויף קיינעם. אפילו איהר אייגענער פעטער יאָסי (ער איז איהר

פעטער, ניט איהר מאנ׳ס), וואָס אלע האָבען פאר איהם דרך־ארץ, האָט מורא מיט איהר אָנצוהויבען. און אז עס מאכט זיך אמאָל, ער פערטשעפּעט זי מיט א וואָרט, קאָן ער זיך פון איהר ניט אויס־באָרען אין צעהן וואסערען. דער פעטער יאָסי חאפּט זיך דעמאָלט מיטביידע הענד ביי די אויהערען, לויפט־ארויס אין דרויסען מיט א גוואלד:

— רבונו של עולם! שטראָף מיך מיט כף־הקלע, מיט גיהנם, מיט וואָס דו ווילסט, אבי לייז מיך אויס פון פערעווואריכע׳ס מויל!

דער פעטער יאָסי האָט שוין געפּרובט א פּאָר מאָל סטראשען זי מיט דער צוואה — האָט דאָס אויך ניט געהאָלפען. אדרבה, ס׳איז נאָך געווען פיעל ערגער. זי האָט זיך אין איהם אזוי איינ־געגעסען אין די ביינער, אז ער האָט געשוואָרען פאר א גאנצען מנין אידען, אז זיי זאָלען וויסען, אז טאָמער חלילה געהט ער פון דער וועלט, איז דאָס נאָר איבער איהר, איבער אָט דער פּערע־וואריכע!

איצינד וועלען מיר לערנען א קל־וחומר: מה־דאָך דער פעטער יאָסי, וואָס אלע קוקען־ארויס אויף זיין ירושה, האָט פון איהר אָפּגעשניטענע יאָהרען, הײנט לא־כל־שכן א מאן, און נאָך אזא מאן, ווי פערערווע, על אחת כמה וכמה — מעג מען דאָך אודאי בעגראָבען נייען איילען אין דער ערד, ער זאָל קיין תחית־המתים ניט אויפשטעהן! איך בין נישט פערעוואריכע׳ס מליץ־יושר, נאָר איך געב איהר אָפּ דעם גערעכט: א מצוה אויף פערערווען. ער האָט געוואוסט נאָך פאר דער חתונה, אז זי איז א שלאק פון זיין ליעבען נאָמען, און האָט געהאט ביד נאָך דער חתונה דרייסיג מאָל זי אָפּ׳גט׳ען; נאָר ער האָט דאָס ניט געטהאָן צוליעב׳ן פעטער יאָסי׳ס ירושה. כן יאבדו — אזא סוף מעגען האָבען אלע זשעדנע נשמות, וואָס פערקויפען זיך פאר געלד!

מיר לאָזען איבער פערערווען מיט פערעוואריכען און קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער ליזא׳ן מיט איהר געליעבטען מאקס.

ליזאַ איז אַרויסגעגאַנגען פֿונ'ם פּעטער יאָסין מיט'ן חרוסת און האָט נאָך נישט געמאַכט קיין פֿינף טריט, איז שוין אויסגע־וואַקסען מאַקס, און דאָס פּאַרעל האָבען זיך געלאָזט ביידע שפּאַ־ציערען איבער דער בעריהמטער כתרילעווקער בלאָטע, וואָס בע־ווייזט זיך אַרוים מיט איהר גאַנצען חן, אַז עס קומט פּסח. אַלטע לייט דערצעהלען, אַז זיי געדענקען ניט, ווען ס'זאָל זיין אַמאָל אין כתרילעווקע אַ טרוקענער פּסח. אידען, זאָגען זיי, האָבען שוין אַזאַ גליק, אַז עס קומט פּסח, ווערד אַ דערטרינקעניש איבער דער גאַנ־צער שטאָדט. נאָר ערגער ווי אומעטום איז דער גרויסער פּלאַץ, אָדער דער שוהל־הויף, דאָרט, וואו עס שטעהען אַלע שוהלען, בתי־מדרשים און קלייזלעך. די כתרילעווקער בעלי־עגלות, וואָס זענען שאַרף אויף צונעמעניש, האָבען דאָס אַ נאָמען געגעבען „דאָס טינטורעל". אהין, זאָגען זיי, אַז מע פֿאָהרט אריין מיט אַ וואָגען ערב־פּסח, דאַרף מען זיך אָפּגעזעגנען מיט ווייב און קינדער ביז העט נאָך שבועות.

פֿון דעסטוועגען — לעבען זאָלען די כתרילעווקער אידען! איהר זאָלט זעהען, ווי מע געהט אין שוהל אריין, אַז סע קומט די ערשטע נאַכט פֿון פּסח, און דוקא אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, און דוקא מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, און דוקא אַטלעסענע. אַ סך האָבען זיך פֿערשפּעטיגט, לויפֿען זיי אין איין אָטהעם, חאַטש פֿערחאַפּען אַ ברכו. נאָר איין מאַקס חאַפּט זיך עפּיס ניט אַזוי אין שוהל אריין. מאַקס איז פֿערנומען מיט ליזאַ'ן. ער האַלט מיט איהר אין מיטען אַ שמועס נאָך פֿון פֿריהער. זיי געהען האַרט ביי די ווענד, זוכען אַ סטעזשקע, און האָבען זיך אַזוי פֿערטיעפֿט אין זייער געשפּרעך, אַז זיי האָבען גאָר ניט בעמערקט, וואו די צייט איז אהינגעקומען. פּלוצים האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן אידען פֿון די שוהלען, און ליזאַ האָט זיך אַ חאַפּ געטהאָן מיט אימפּעט:

— אוי, אַ מכה אויף פֿערוואַריכען! מע געהט שוין פֿון שוהל, און דער חרוסת, משטיינס געזאָגט...

ליזא האָט נישט געענדיגט די פראַזע. עס האָט זיך געטראָ־
פען מיט איהר דאָס, וואָס עס טרעפט זיך גאַנץ אָפט מיט א מיידעל
אין כתרילעווקע: זי האָט זיך אויסגעגליטשט און האָט ארויס־
געלאָזט דאָס טעצעל מיט'ן חרוסת גלייך אין בלאָטע אריין. אזא־
אַנ־אומגליק! ליזא איז געווען אוים מענש! סע פערשטעהט זיך,
אז וויפיעל ס'איז דאָ קללות אויף דער וועלט — זענען זיי גע־
פלויגען אויף פערעוואריכע'ס קאָפּ. מאקס האָט זי אָבער גיך בע־
רוהיגט:

— חאַפּט זיי בעני, דיינע בורזשוקעס! לעג זיי אָן א פול
טעלערעל מיט בלאָטע און לאָז דאָס זיין זיי פאַר חרוסת! נישקשה,
זיי האָבען גוטע מאָגענס. זיי וועלען דאָס פאַרדייען...

פאַר אזא מין עצה האָט זיך ליזא פריהער ווי דערשראָקען:
וואָס הייסט, זי וועט אָנהאָרעווען איהרע בעלי־בתים מיט בלאָטע?
נאָכדעם איז דער געדאַנק איהר אזוי געפעלען, אז זי האָט זיך אזש
צעלאַכט פון דער דאָזיגער המצאה און האָט געטהאָן אזוי, ווי מאקס
האָט איהר געהייסען, און האָט זיך געלאָזט לויפען אהיים וואָס
גיכער, זיך דריי מאָל געזעגענט מיט מאַקסען, שטארק געקוועטשט
ביי די הענד.

ה.

עס ליגט שוין עפּיס אזעלכעס אין דער טבע פון א מענשען,
אז גאָט שיקט אונז צו עפּיס א גוטע זאַך, טיילען מיר זיך דערמיט
געהרן מיט'ן צווייטען. ובפרט אזא זאַך, וואָס איז א מצוה און
סע קאָסט קיין געלד ניט. אונזער העלד פערערווע, ווי דער לעזער
ווייסט שוין, איז עפּיס ניט אזא מילדער נדבן, וואָס זאָל זיך מפקיר
זיין לטובת הכלל; נאָר אז עס קומט די ערשטע נאַכט פון פסח,
דערוועקט זיך אין איהם א געפיהל פון צדקה, עס דערוואַרעמט זיך
ביי איהם דאָס הארץ, די האַנד ווערד ביי איהם אויפגעבונדען און
ער פערזאָרגט אַלע זיינע נאָהענטע שכנים מיט'ן פעטער יאָסי'ס

חרוסת, איטליכען צו ביסלעך. בעת מעשה שיינט ביי איהם דאָס פנים, ווי ביי אַ מלאך, און אַז מע ווינשט איהם, ער זאָל דערלעבען איבער־אַ־יאָהר און זיין רייך (דאָס האָט ער דוקא ליעב!), ענט־פערט ער מיט אַ זיס שמייכעלע, וואָס איז זעלטען אויף זיינע ליפען: „גם אתם! גם אתם!“...

איצטיגס מאָל האָט זיך פערערווע אַ ביסעל פערשפּעטיגט מיט'ן חרוסת אויסטיילען. און איבער וועמען? איבער דער דיענסט. זי איז שפּעט געקומען. איין עזות פון אַ דיענסט! אַ תירוץ האָט זי צוגעטראַכט אפילו זעהר אַ קלוגען: דער פעטער יאָסי האָט זיך פערהוסט, זאָגט זי, מיט סכנת־נפשות. אַלע האָ־בען, זאָגט זי, געמיינט, אַז ס'איז שוין איין עק, אוים פעטער יאָסי!

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס־זשע איז געווען?

— וואָס זאָל זיין? געזונט און שטאַרק, אויף אַלע אידישע קינדער...

דער מלך מיט דער מלכה, דאָס הייסט, פערערווע און פערע־וואַריכע, קוקען זיך איבער אָהן ווערטער, לאָזען אַרויס אַ טיעפען זיפץ און מע זעצט זיך אַוועק צום סדר.

דער „סדר“ איז שוין אַזוי פיעל מאָל בעשריבען געוואָרען פון מיר און פון מיינע קאָלעגען, אַז אַלץ, וואָס איך וועל אייך איצטער זאָגען, וועט זיין ניט מעהר, ווי איבערגעקייט פון פאַר־אַ־יאָהרען. דאָס, וואָס איך וואָלט יאָ וועלען זאָגען איצט, איז נאָר איין זאך: וואָס פאַר אַ כח ליגט אין דעם ליעבען הייליגען יום־טוב פסח, אַז אפילו אַזאַ קאַלטע זאך, אַזאַ טרוקענע בריאה, ווי פערערווע — אָסור, אויב איהר וועט איהם דערקענען! און פערעוואַריכע? וואו איז אַהינגעקומען איהר מויל, וואָס קאָן זיך קיינמאָל ניט בערו־הינגען? פון וואַנען האָט זיך גענומען צו זיי ביידע אַזאַ מילדע ווייכקייט, אַזוי פיעל פריינדליכקייט און יום־טוב'דיגער חן אויף זייערע פנים'ער? עס איז, כלעבען, כדאי צו שטעהן פון דער־

ווייטען און צוזעהן, ווי אזוי עס געהט צו ביי זיי דער סדר. ווי אלץ איז ניי, אלץ איז ריין, אלץ גלאנצט, ווי גינגאלד, און אלץ זיצט ביי'ם טיש מיט רעשפּעקט, און אלע אויגען קוקען אהין, אויף איין מענשען, אויפ'ן גוטען ליעבען קעניג פון דער דאָזיגער נאכט, אויף פּערערווען, ווי ער טיילט־אויס פון זיין פולער האנד איט־ליכען בעזונדער אויף א שטיקעל מצה זיין חלק מרור און חרוסת. פריהער פון אלע בעקומט איהר חלק, ווי דער עטיקעט פּאָדערט עס, די קעניגין (פּערעזוואריכע). נאָך דער קעניגין בעקומען צו ביסלעך מרור און חרוסת די פּרינצען (די קינדער זייערע), וואָס קוקען ארויס אויף דעם, ווי אויף עפּיס רעכטס. נאָך די קינדער בעקומט אויך די דיענסט א היבשען חלק (דאָס איז שוין מחמת גוטסקייט), און ערשט אז די גאנצע קעניגליכע פּאמיליע איז שוין ארומגעטיילט מיט מרור און חרוכת, נעמט דער קעניג (פּערערווע) און לעגט זיך אָן אליין אויף א היבשע פּאָרציע, זאָגט דעם „הנני מוכן ומזומן" מיט א שענעם ניגון, מאכט די ברכה און עסט אָנ־געלעהענט, מיט ברייטקייט, ווי עס פּאסט פּאר א מלך. אויף איהם קוקענדיג, נעמט זיך די מלכה אויך צום עסען, ווי דער עטיקעט פּאָדערט עס, און אויף זיי קוקענדיג, טראָגען אויך די קינדער צו צום מויל דעם חרוסת און פּערקרימען זיך:

— אוי! וואָס איז דאָס פּאר א מין חרוסת?... קריצט אונ־טער די צייהן און שמעקט מיט... פּע!

איין אנדערס מאָל וואָלטען חברה קליינוואַרג זיך ניט געגאַרט פּאר אזא איין עזות: זאָגען אויף חרוסת „פּע"!... איצטיגס מאָל אָבער איז זיי אָפּגעלאָפּען גלאַס, ווייל דער מלך מיט דער מלכה זענגען אליין אויך געבליבען זיצען מיט פולע מיילער, ניט אהין, ניט אהער: איינשלינגען — קאָן מען ניט, אויסשפּייען — טאָר מען ניט... נאָר איין ליזא איז געזעסען און געקייעט, ווי א קאלב, איהר חלק מצה (דעם חרוסת האָט זי בעצייטענס אראָפּגעלאָזט אונטער'ן טיש...). מיט א שענעם חרוסת האָט זיי היינטיגען פּסח דער פּעטער יאָסי מכבד געווען! וואָלט חאָטש דער פּעטער יאָסי

געווען זיין פעטער, ניט איהרער, וואָלט שוין פערוואַריכע אָפּגעשפּיעלט פערערוועווען א סדר, אז עס וואָלט איהם פינסטער געוואָרען די וועלט און נמאס דאָס קעניגען... היינט די בזיונות פון די שכנים — וואָס וועלען די שכנים זאָגען? און כך הוה — אזוי ווי דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט: זיי זענען נאָך ניט פאַרטיג געוואָרען מיט'ן ערשטען האלבען סדר, האָט זיך געעפענט די טיר און עס האָבען אָנגעהויבען געהן שלוחים פון די שכנים איינס נאָך דאָס אנדערע:

— נאַט אייך אָפּ צוריק אייער חרוסת...

— דער טאַטע האָט אייך געשיקט זאָגען א דאנק פאַר'ן חרוסת...

— אַזאַ חרוסת עסט שוין בעסער איהר אַליין געזונטערהייד...

אויף מאָרגען פסח נאָכ'ן טיש זענען אַלע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס מיט זייערע קינדער געקומען, ווי דער מנהג איז, צום פעטער יאָסי גוט יום־טוב בעטען. דער פעטער יאָסי האָט זיי אָנגעגרייט א טיש פון כל־טוב: דעם בעסטען ראָזינקעס־וויין (צוגעמישט מיט פסח'יגען וואַסער), א סך וועלישע ניס (צום מיינסטען, פּוסטע) און זילבערנע כוסות מיט פסח'יגע גלעזלעך אָהן א שיעור. דער פעטער יאָסי, אין זיין יום־טוב'דיגען צעריסענעם, נאָר זיידענעם אויסגענייהטען חאַלאַט, מיט דער געשטיקטער יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ, האָט אויסגעזעהען ווי א טערקישער פּאַשאַ, וואָס האָט אַזוי ליעב געסט, אַז ער וואָלט זיי אַוועקגעגעבען די נשמה. ער האָט נישט גערוהט, נישט געקאָנט זעהען, טאָמער זיצט איינער אָהן ארבייט, און האָט אַלץ געבעטען:

— קנאַקט, קינדערלעך, קנאַקט ניס און פאַרטרינקט מיט וויין, נאָר ווערד ניט שכור... פאַרגעסט ניט, אַז מיר האָבען היינט ביי־נאַכט נאָך א סדר מיט נאָך א מאָל ארבע־כוסות, מיט נאָך א מאָל מרור און חרוסת...

— דער חרוסת איז אייך הייניטגס יאָהר אָפּגעראָטען, פעטער, מעהר ווי אַלע יאָהר.

— פון אייער חרוסת איז מיר ניט איבערגעבליבען צום אנ־דערען סדר, איהר זאָלט זאָגען, פעטער, אויף א רפואה.

— מיט אייער חרוסת האָבען מיר זיך, פעטער, געטיילט, ווי מיט קרעפּעל־פלייש.

— וואָס טהוט איהר אריין, פעטער, אזעלכעס אינ׳ם חרוסת, וואָס ער קומט ארויס ביי אייך אזוי בא׳טעמ׳ט?

אָט אזעלכע קאָמפּלימענטען זענען געפלויגען פון אלע זייטען, פונקט ווי אלע יאָהר. נאָר איין פערערווע מיט פערעוואריכען האָבען געשוויגען, געקוקט איינס אויף דאָס אנדערע און געקאָכט זיך שטילערהייד אינוועניג, אזוי לאנג, ביז פערעוואריכע האָט דער־פיהלט, אז עס פּלאצט אין איהר די גאל, אז טאָמער וועט זי שווייגען נאָך איין מינוט, איז איין עק פון איהר לעבען! — און זי האָט אויפגעעפענט איהר מויל און האָט אוועקגעלעגט א מענה־לשון, אזוי ווי זי קאָן, און האָט זיי אלעמען אָנגערופען מיט׳ן אמת׳ען נאָמען, וואָס זיי האָבען פערדיענט:

— פארשטאָכענע אויגען! פאלשע מענטשען! פארקויפטע נשמות! חאליפאָסניקעס! טעלערלעקער!... מע גיט אייך א ביסעל ווייס איך וואָס, א ביסעל גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאר די רעד, און מע זאָגט אייך, ס׳איז חרוסת, — לעקט איהר די פינגער!?...

א באָמבע זאָל געוועזען אראָפּפאלען פון סטעלי און פּלאצען ביי׳ם פעטער יאָסי׳ן אין שטוב, וואָלט זי ניט בעדארפט אָנמאכען אזא רעש, ווי עס האָבען געמאכט פערעוואריכע׳ס ווערטער. סטייטש! זאָגען אויף דעם פעטער יאָסי׳ס חרוסת, אז ס׳איז „א ביסעל וויים איך וואָס“, „א ביסעל גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאר די רעד“, און נאָך וואו? ביי׳ם פעטער יאָסי׳ן אין שטוב, פאר׳ן פעטער יאָסי׳ן אין די אויגען! ניט אנדערש, אז פערעוואַ־ריכע איז נעריהרט, ניט ביי אלע געדאנקען.

— ראַצעל! וואָס רעדט איהר דאָס? גאָט איז מיט אייך! איהר זענט משוגע? צי חסר־דעה?

אזוי זענען אַנגעפאַלען אויף איהר אַלע איבעריגע פלימעניקעס און פלימעניצעס, און פערעוואריכע איז געוואָרען נאָך מעהר אויפ־געבראַכט און האָט זיי אוועקגעגעבען בכפל־כפלים:

— משוגע מעגט איהר שוין אַלע ווערען פאַר מיר און פאַר מיין מאַן און פאַר מיינע קינדער! איך בין אַ מענטש, וואָס קאַ־טאָרי כ'האָב ליעב זאָגען דעם אמת — איך וועל ניט געהן לעקען די פינגער פון אַזאַ, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ ביסעל...

— אַ ביסעל וואָס?

— אַ ביסעל דאָס!...

— פעטער! איהר הערט, וואָס זי זאָגט? זי זאָגט אויף אייער חרוסת, אַז ס'איז, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ ביסעל דאָס!...

ווער איז דאָ אים שטאַנד אָפּמאָהלען דעם פעטער יאָסי'ס געקנייטשט פאַרמעט־פנים, מיט'ן פעטער יאָסי'ס נאַסע אויגען, מיט'ן פעטער יאָסי'ס אומגעלומפּערט שמייכעלע, וואָס האָט זיך אויסגעלעגט אויף זיינע האַלב־טויטע ליפּען? ער האָט זיך עפּיס מאָדנע איינגעבויגען, געוואָרען מיט אַ מאָל קלענער, און אַ זאָג געטהאָן צו אַלעמען און צו קיינעם ניט, נאָר אין דער לופט אַריין:

— אלה תולדות פערעוואריכע!...

מעהר האָט מען ניט בעדאַרפט. פערעוואריכע, אַז זי האָט דערהערט איהר אמת'ען נאָמען, האָט דאָס זי אַזוי אויפגעטראָגען, אַז זי האָט אָנגעהויבען שיטען פּעך און שוועבעל, ניט נאָר אויף די קרובים, נאָר אפילו אויפ'ן פעטער יאָסי'ן אַליין. וואָס ס'איז איהר געקומען אויפ'ן מויל — דאָס האָט זי איהם געזאָגט. עס האָט ניט געהאָלפען פערערווע'ס אַריינמישען זיך און פערערווע'ס צוהאַלטען זי פאַר די הענד:

— לאָז מיך! איך בין אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי איך האָב ליעב זאָגען דעם אמת! — האָט זי געשריגען און געריסען זיך

צום פעטער יאָסי'ן און האָט איהם אָנגערופען מיט א סך מאָדנע נעמען: „אָפּגאָט!“ „גאָלדענער זאק!“ „קול שטרוי!“ „ציעגענע ביבקע!“ „אַלטער תרח!“ „אויסגעגייהטע יאמפּערקע!“ „חרוסת־פאַבריקאַנט!“...

איך ווייס ניט, וועלכער פון די דאָזיגע שונד־נעמען האָט אויף איהם אממעהרסטען געווירקט, נאָר דעם פעטער יאָסי'ן איז מיט א מאָל געוואָרען שטארק שלעכט און ער האָט זיך פערהוסט אויף א גאַנצער שעה — די „זאדישקע“ האָט זיך אין איהם צע־שפּיעלט מיט סכנת־נפשות. מען איז געלאָפען און מע האָט גע־בראַכט דעם דאָקטאָר און מע האָט געטהאָן וואָס מע האָט געקאָנט. נאָר ס'איז געוועזען ארויסגעוואָרפען: דעם זעלבען אויפדערנאַכט, פונקט צום אנדערען סדר, האָט דער פעטער יאָסי אָפּגעגעבען גאָט די נשמה.

עפּילאָג.

תכף נאָך פסח האָבען זיך צונויפגעקליבען ביי'ם פעטער יאָסי אין שטוב אַלע זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, און מע האָט איבערגעלייענט די צוואה, און עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער פעטער יאָסי (זאָל ער מיר מוחל זיין אויף יענער וועלט!) האָט זיי אַלע געפּיהרט אין באָד אריין. זיין גאַנץ עשירות, אז מע האָט דאָס איינגעטיילט צווישען אַלע קרובים, האָט זיך אָנגענומען אָרום און ארום בסך־הכל עטוואָס מעהר, ווי א הונדערטער אויף א פּאַרשוין. ווער עס האָט נישט אָנגעקוקט יענע צייט אונזער העלד פערערוועזן, דער האָט קיינמאָל אויף זיין לעבען קיין אמת'ען צער ניט געזעהען. א שענערען לעגט מען אין דער ערד אריין. און פערעוואַריכע? — פערעוואַריכע האָט אויסגעלאָזט איהר גאַנץ ביטער הארץ מיט אַלע צרות אויף פערערוועזן. עד היום נאָך פּיילט זי איהם און פּיעדעלט איהם אויף וואָס די וועלט שטעהט, און פע־רעווע נעבאָך מוז דאָס שטילערהייד אראָפּשלינגען. א ברירה האָט ער? ס'איז, זאָג איך אייך, א גאָטס רחמנות אויף דעם אידען!...

ליזאַ האָט ניט חתונה געהאַט פאַר מאַקסען, ווייל ער איז געפאַלען, ווי אַ סנאָפּ, אינ׳ם ערשטען גרויסען שטרייק נאָכ׳ן ער־שטען גרויסען שאָס... איז זי אין אַמעריקאַ. זי אַרבייט דאָרטען מיט איהרע צוויי יונגערע שוועסטערלעך אין אַ „שאַפּ“ און געהט מיט זיי אויף אַלע „מיטינגען“. און האָטש זי איז נאָך אַ „גרינע“ און ווערד פערשוואַרצט, ווי די אידען אין מצרים, פון דעסטוועגען, אַז איהר פרעגט זי, וואָס זי מאַכט, ענטפערט זי אייך, אַז זי איז „אַללרייט“ און האָפט נאָך אַלץ אויף דער גאָלדענער צייט... מיר וועלען זיך נאָך מיט איהר אַמאָל בעגעגענען. זי האָט אונז וואָס צו דערצעהלען... דערווייל ווינשען מיר אייך אַ גוטען, אַ פריילי־כען, אַ כשר׳ען פסח.

